# דינה איינהאָרן

# ווען דער פֿרילינג קומט



צווייטע אויפלאגע ווארשע 1919



דאָס ביכעל בעשטעהט פון אַ קליינעם אויסוואַהל, פון
דאָס בוך לידער „צו אַ אידישער טאָכטער", וועלכער
איז ערשינען אין ניו-יאָרק 1917 פערלאַג „די נייע וועלט".

## ג. צווײדמעט G. S

איך בין אוועק פון דעם פארשוועכטען שטעטל,
וואס הערשט אין אונזער קרעמערישען מארק,
אהין, צו יענעם אלט-פערוואקסענעם פארק,
וואו ס׳בליהט געהיים דאס שטילע וואונדער-בלימעל.

וואו ס׳רוהט א טיפער, רײנער, בלאָער הימעל
ביי אלטע, שטרענגע דעמבעם אויפ׳ן קארק,
וואו יעדע צארטהייט ווערט ווי פעלזען שטארק,
און יעדען פעלז אומוועבט א טרוימען-דרימעל.

דאָרט האָב איך, נאך א לאנגען, שווערען זוכען,
דיך און די קונסט אין ענגען בונד געפינען
אין איידעלען קרייז פון אָדלערען און טויבען.

דאָרט האסטו מיר געגעבען צו פערזוכען
פון דײן באָקאל דעם הייסען זאפט פון זונען,
און מײן געדיכט פון נאסען-שטויב ערהויבען.

---

## סאנעטען.

### I

דײן בליק בערוישט, דײן בליק מאכט צארט ביז טרערען!
דײן בליק, ער רייצט און רוהיגט-איין צוזאמען.
איך האָב דיך ליב, נאך צארטער פון דער מאמען
און ברען נאך הייס אין ערדישען בעגעהרען.

מײן קינד, ווי קאנסט די ליידענשאפט בעשווערען,
און מיט אײן בליק די לוסט אין הארצען צאמען...

און פּלוצלינג װידער אויפֿװעקן די פֿלאַמען...
און מיט אײן בליק אײַנגאַנצן מיך פֿאַרצערטן...

דײַן זעל האָט זיך אין הימלען צװײ געבאָרן:
און מזרח־פֿלאַם און צפֿונדיקן טרויער.
דאָ שײַנסטו אויף, װי שולמית אין איר טאַנצן

און דאָ, װי מרים פֿון מגדול, בעלאָרן
מיט שװערן פּײַן, פֿאַרהילט אין שװאַרצן שלײער
און שטיל בעצירט מיט װײַסע ליליען־קראַנצן.

II

דו ביסט מיר שוין אין יוגנט־טרוים ערשינען.
און יעדן זומער, פֿרײַטאָג אויף דער נאַכט,
פֿלעגסטו, בעצירט אין שיר־השירים־פּראַכט,
מיט דײַן געשטאַלט פֿאַרשיכורן מײַן זינען.

דאַן פֿלעג איך זען: אַ ברײטע לאַנגע גינען
און אָװענד־שײַן, מיט ציפּריסן בעװאַכט,
און דיך אין מיטן, פֿיהרענדיק פֿאַרטראַכט,
אַ ציגער־טאַנץ מיט פֿײַערדיקע בינען:

אַ װײַסע טויב מיט איבערשפּרײטע פֿליגל...
אַ װײַסע שלאַנג אין סאַמעטענעם גראָז...
אַ קעניגינס קינד מיט װאַנדערבאַרע אויגן...

די ברוסט געדריקט מיט פֿײַערדיקע זיגל...
דאָ ליפּטיג־בלאַס, דאָ לאָקערענדיג־ראָז
האָסטו מיך דאַן אין הײליג פֿלאַם געצויגן.

III

דיך האָט געקרוינט דער גורל פֿאַר אַ שװעסטער
און שװערן פּײַן די גרויסע טרײסט צו טראָגן

און אין דעם תהום פֿון אײַנגעגרענצטע פּלאָגען
מיט שטילע רייד דעם גײַסט אונז מאַכען פֿעסטער.

דאָך האָט געקענט דער שײַטער־פֿלאַם דער גרעסטער,
די האָסט בעגלײַט צום גאַלגאַן יעדען וואָגען,
און נאָכדעם שטיל צוריק געבראַכט צו טראָגען
אַ מיטער־הארץ פֿאַר די צערויבטע נעסטער.

דאַריבער, ווען איך הער דעם קלאַנג פֿון גלאָקען,
און זעה, ווי מיר עס שוואַרצען זיך די לאָקען
מיט טרויער פֿול איף דײַן אַלבאַסטער־שטערען, —

דאַן דוכט זיך מיר: עס וועט זיך באַלד בעווײַזען
מײַן צווייטעס איך, געשמידט אין שווערען אײַזען,
און הינטען — דו, מיט אויגען פֿײַכט פֿון טרערען.

IV

מײַן פֿאָטערס גלויבען האָט מיך נישט ערצויגען
פֿון האַרצען טיף דײַן הערליכקײַט צו אַכטען,
און ווען מײַן הארץ פֿלעגט זוכען דיך אין שמאַכטען,
דאַן פֿלעג איך פֿעסט פֿערמאַכען מײַנע אויגען.

און יאָהרען־לאַנג האָט מיך צו דיר געצויגען...
און שווערע טעג, און אײַנזאַמע פֿאַרנאַכטען,
אַרגע טיר אין גאָרטען, אין פֿאַרמאַכטען,
דעם גרויסען סוד פֿון דיר אַלײן צו זויגען.

און פּלוצלונג האָט זיך אויפֿגעפּראַלט דער טויער,
און דו ביסט שטעהן פֿאַר מיר אין ליכט געבליבען,
און פֿרײַ ענטפּלעקט דעם געטליכען גן־עדן...

בעפֿרײַט מײַן אויג פֿון שווערען שוואַרצען שלײַער...

געלאָדעט מיך דעם גרינעם גראָז צו ליבען,
און יענע שפּראַך, אויף וועלכער בלומען רעדען...

V

דער שטן זעלבסט האָט מיך און זעל געביסען,
און אָנגעפֿילט מײַן בלוט מיט ווילדע סמען,
וואָס האָבען זיך אין האַרץ געברענט, ווי פֿלאַמען,
און נישט געלאָזט דעם גליק פֿון רוה געניסען.

געהייצט פֿון לוסט, געפּלאָגט פֿון מײַן געוויסען,
האָב איך געפּרובט פֿאַרהויגען זיך מיט גראַמען,
מיט שטילען מאַכט די בליטען מײַנע צאַמען
און מיט אַ טרוים פֿאַרהוועגען דיז אַזויסען.

ביז ס'האָט דײַן פּראַכט די זינד און מיר בעצוואונגען:
מיט מאַרמאָר־קעלט געשטילט דעם שטנ'ס פֿײַער;
מיט מאָתען־מוי בעטריפֿט אין מיר מײַן זעלע;

מיט שמייכעל־סוד אין האַרצען טיף געדרונגען;
מיט בליקען־שטראַהל געמאַכט מײַן זינען פֿרײַער;
מיט ליפּען־קוש געוועקט אַ זון אַ העלע.

VI

פֿאַרשיכּורט פֿון דער נאַכט, און ווייהענדע פּאַרפֿומען,
בין איך בײַם שוועל פֿון טיר געשטאַנען און געוואַרט...
מיט מיר צוזאַמען האָט די גאַנצע וועלט געוואַרט,
און אויסגעקוקט מיט טויזענד שטערען אויף דײַן קומען.

און פּלוצלינג האָט מיר דער דערלאַנגט אַ צווײַג מיט בלומען,
די בלעטלעך זענען שוין בײַ זיי געווען פֿאַרדאַרט,
און עמיץ האָט געזאָגט: מײַן פֿרײַנד, דו ביסט גענאַרט:
נאָר איך האָב נישט געהערט און האָב דעם צווײַג גענומען.

איך האָב אין זיך געגלויבט, און אין דײַן קראַפֿט געגלויבט.
און מיט דעם פֿריהלינגס־הויפּט דעם ספֿק טיף פֿאַרשטויבט,
און אויף אַ נס געהאָפֿט, אַז טויטע וועלען לעבען.

מײַן גלויבען איז ערפֿילט — דער נס איז דאָך געשעהן;
איך האָב בײַם שטערען־שײַן דײַן ליב געזיכט דערזעהן,
און נײַע בליטען האָט דער טויטער צווײַג געגעבען.

VII

דאָס ליכט־ און שאָטען־שפּיל און גאָלד פֿון תּבֿואה,
דאָס שטראַהלען־שפּיל אויף שטילע וואַסער־שפּיגלען,
נור זיי וואָלטען געקאָנט אין זיך פֿערזיגלען
דעם טרוימען־שפּיל און שפּיגעל פֿון דײַן הוד.

דײַן בליק, ער שטראַהלט מיט סודות פֿון נבֿואה.
דאָ: דבֿורה׳ען גלײַך, בײַם שׂונאים פֿעסטונגס־ריגלען,
און דאָ: ענטציקט אויף יענע הימעל־פֿליגלען,
וואָס מרים האָט דערהערט דעם הללויה.

און ווען איך זעה אין גאָרטען דיך שפּאַצירען:
די שוואַרצע האָר פֿערפֿלאָכטען אויפֿ׳ן רוקען,
און דאָס געזיכט צום הימעל אויפֿגעהויבען,

גלײַך ווי דו וואָלסט דײַן זעלע דאָרט פֿאַרלירען —
דאַן ווילט זיך מיר פֿאַר גאָט מיט ליבע בוקען,
און פֿול מיט גליק אין הימעל׳ס וואונדער גלויבען.

VIII

אָ, לאָז דער ערד איהר איגענעם פּראַכט דערהויבען!
רײַס־אַרויף דײַן קאָפּ און געה דער וועלט ענטקעגען!
דײַן פּאַלמע וועט אויף אַלע ברייטע וועגען
דײַן שלאַנקען גוף מיט פֿעכערס גרינע לויבען.

דער מאָרגען־רויט וועט זיך אַליין נישט גלייבען,
און אויף דיין פֿאַרב ביי יעדען שטערען פֿרעגען,
און לייכטען וועט די זון זיך נישט דערוועגען,
ווען דו וועסט נור די ברעמען דיינע הייבען.

דיין ליפּען־טוי וועט אַלע בלומען פֿילען...
דיין שטערען וועט דעם קלאָרסטען שניי פֿאַרשעמען...
דער מאַרמאָר־שטיין וועט פֿאַר דיין ברוסט צערפֿאַלען...

די נאַכט וועט זיך אין דיינע לאָקען הילען...
דער פֿריהלינגס־רעגען פֿאַנגען וועט די ברעמען,
און שטיל אויף זיי מיט פּערעל־קלאָרע שטראַהלען.

IX

וואָלט איך געקאָנט מיט דיך זיך זעלבסט פֿאַרהילען,
גלייך ווי אַ דעמב מיט הייסע זונען־שטראַהלען...
דערטרינקען זיך אין דיינע קלאָרע קוואַלען,
מיט ריינעם גייסט אין איינגעווינטען ווילען!...

מיט יעדען חוש בעטרייפֿען דיר און פֿיהלען,
און ווי אַ שניי אויף דיינע ליפּען פֿאַלען...
צעגעהן אויף זיי, ווי מעער־שוים אויף קאָראַלען,
און מיט מיין טויט די גרויסע ליבע ערפֿילען...

גליה אויף דעם פֿייער־בראַנד פֿון דיינע באַקען!
דעם שוואַרצען פֿלאַם צעשוויבער איבער נאַקען!
צעשפּריט דעם ווייסען פֿייער פֿון דיין אָרעם!...

איך וויל אין זיי פֿאַרברענען מיינע גלידער,
און נאַכדעם, גלייך ווי פֿעניקס, אויפֿשטעהן ווידער
מיט נייעם גייסט און מיט בענייטען פֿאָרם...

ערלויב מיר, קינד, מחילה דיר צו בעטען
פאר דרייסט און מיט, וואס איך האב זיך גענומען
צו רייבען פריי די פראכט פון דיינע בלומען
און פאסען עס אין יודישע כאנגעטען.

איך גלויב, מיין קינד, זיי וועלען זיך דארט רעטען
פון קרעמער־הויז, און גלייך א תפילה קומען
צו יענעמס הארץ, וואס האט אמאל פערנומען
א מאמעס טרייסט און שוועסטערליכען גלעטען.

איך האב אמאל געזעהן צווישען גאסען
א היילג בילד, בעשיינט מיט טויזענד ליכטער,
מיט ריינעם בליק און וואונדער־שענע שטריכען,

לעם אודר א שטראם א פייערליכען בלאסען
פון מענשען־הענד און בעטענדע געזיכטער:
און צו דאס בילד ביסטו, מיין קינד, געגליכען.

---

## צערגנענע טרוימען

### ערשטער קאפיטעל.

— וואס קאן איך דיר, טייערע, געבען אלס דאנק?
וואס קאן דיין נשמה בעגליקען?
איך ווייס, דו האסט בעסערס געזעהן אין דיין טרוים,
און מיינער וועט דיך נישט ענטציקען.

ווען איך וואלט א קעניג געוועזען, וואלט איך
בעפוילען, א פאלאץ דיר בויען —
דארט וואלט איך אין שטילע און ליכטיגע נעכט
פון הערליכסטען טרוים דיר פערטרויען.

דער באַגאַן וואָלט גליך געוועזען אויף דיר:
פֿון הדוסען רײַן־קלאַסישע ליניען,
און זעלע אַ צויבער פֿון טויזענד איין נאַכט
ניט הייסען, פֿאַרחלומטען זינען.

די ווענד פֿון דעם הויכסטען מאַרמאָר געהאַקט
מיט זיליגע שלאַנקע פּאַרטאַלען,
דאָך אינווענדיג וואָלט מאַווריטאַניש געפּוצט
געווען די הימלישע זאַלען.

די ווענד וואָלט איך אַלע אין צערטליכען אַרט
בעצירט מיט בלאַס־פֿאַרביגע רויזען,
די פֿענסטער געשניצט, גלייך ווי שפּיצען פֿון שטיין
זיי וואָלטען דעם באַרק דיר ענטבלויזען

אַ ליפֿטיגער נעץ אַראַבעסקען וואָלט דוך
דעם חנוקעלען באַלקען פֿערצויגען,
דאָרט וואָלט איך אין פּלאָנטער פֿון פֿלאַנצען און טירע
געפֿאַנגען די טרוימענדע אויגען.

די טירען פֿון עבען־ און עלפֿאַנד־ביין־פּויק,
פֿון לײַכטען מאָזאַאיק דער באָדען,
און אַלעם וואָלט זיך פֿון די פּאַלמען אַרום
און גרינליכע שאָטענס געבאָדען.

אויף קוהלע באַסיינען געוועזען וואָלטען דאָרט,
און וואונדערליך־שטילע פֿאָנטאַנען,
וואָס וואָלטען געזיפֿט מיט אַ הויפֿטיגען טוי
אויף פֿלוישענע גרינע דיוואַנען.

אויף פֿרײַנדליכע זאַפֿעס פֿון הינקעלען באַמבוס
געהאַטס וואָלטען זיך דײַנע גלידער,

דאַבײַ װאָלטען מײדלעך אױף ציטערן געשפּילט
און רוהיג פֿערװיגט דיך מיט לידער.

און װען דיר װאָלט נאָכהער דערעסען דאָס אַלײן
און לאַנגװײַליג װאָלט דיר געװאָרען,
דאַן װאָלטען מיר, ליבסטע, צוגאַסט אױף אַ װאָך
צו פֿעטערס און מומעס געפֿאָרען. —

אַזױ האָב איך שטיל בײַ מײַן ליבסטע געטרוימט,
װען זי איז בײַם שפּיגעל געשטאַנען.
די הענט אירע האָבען געדרײט אױפֿ'ן קאָפּ,
װי העלזער צװײ װײַסע פֿון שװאַנען.

— דו טרױמסט, װי אַ ליטװאַק אין שלעכטען מאַניער.
דאָס שײנע אין מאיסע פֿערשפּונען.
דײַן בײזע אירוניע האָט אַלעם צעשטערט,
דײַן חלום איז קלעגליך צערונען. —

אַזױ האָט מײַן ליבסטע פֿערדריסליך געזאָגט,
פֿון שפּיגעל זיך װענדענדיג האַסטיג,
און פּלוצלינג האָט אַלעם פֿערלאָרען בײַ איר
די שטרענגע און רוהיגע פּלאַסטיק.

די לענגליכע פֿינגער געדריקט צו די האָר,
און האַלב נאָך געװענדעט צום שפּיגעל,
די אַרבעל פֿון ראָזליכען זײַד־מאַטינע
בעװעגט האָבען לײַכט זיך, װי פֿליגעל.

װי פֿליגעל, װי װײַסע, פֿון מאָרגען באַשטראַלט,
און ריטמישע פֿאַקען און שװעבען,
און פּלוצלינג האָט אײן פֿון די פֿליגעל מיך צאַרט
אַ גלעט אױפֿ'ן שטערען געגעבען.

— דו ביסט מיר אַ שלעכטער און מעהר נישט, גענוג...
איך וויל דיינע טרוימען נישט הערען...
און העסטו מיר ווידער נאָך זיין אַזוי קלוג
אָב-חבר מיט דיר וועל איך ווערען.

איך דאַרף נישט די טרוימען, איך האָב זיי גענוג,
איך בין מיט זיי זאַט שוין אין לעבען,
אַגב פלעגט דער טאַטעשי, שענער פון דיר,
די מעשיות דערצעהלען פון רבי'ן.

און ביסטו עס ווירקליך דער איינער, וואָס ווייסט
דער חסידישער טאָכטער צו ליבען,
דאַן מוזטו זיך, ערשטענס, ענטזאַגען פון וויין
אין קונסט, ווי אין ליבעס צו שפּילען.

מיר זענען געפערליך, ווי פייערן, אין שפּיל,
אין זאַנפט, ווי די טויבען, אין ליבען,
מיר ברענען, ווי אָפּפער, אין הייליגען פלאַם
און רויכערן שרעקליך און טריבען.

צווייטער קאַפּיטעל.

מיר זענען געפערליך, ווי פייערן, אין שפּיל
אין זאַנפט, ווי די טויבען, אין ליבען.
מיר ברענען, ווי אָפּפער, אין הייליגען פלאַם
און רויכערן שרעקליך און טריבען.

דאָס זענען די ווערטער, וואָס האָבען מיר לאַנג
איינגענדליך אין אויער געקלונגען,
מיט טויזענדער שטימען געסודעט, גערעדט,
מיט טויזענדער טענער געזונגען.

דער רויש פֿון די גאַסן, ער האָט נישט געקאָנט
די דאָזיגע ווערטער פֿערשטימען;
איך האָב זיי געדערט אינים טימל פֿון טאָג,
אין נאַכטיגער שטילקייט פֿערנומען.

אַך, יענע בת־מלכּה, וואָס איך האָב געטרוימט,
בּעקומען האָט טויזענד געשטאַלטען,
איך האָב זיך אַפּילו געהיים אין דער שוהל
פֿון זיי נישט געקאָנט מער בּעהאַלטען.

זיי האָבען געלאָקט מיך פֿון יעטוועדער הויז:
מיט שוואַרצע און גאַרענדיגע אויגען,
מיט שטאָלצע געזיכטער, און צערטליכע הענד,
און וואַסטיגע ליפּען געצויגען.

איך האָב זיי געזעהן אויף אַוואַ־שאַוער באַל
און וואונדער־בּוקעטען געקליבּען,
זיי האָבען מיט סאַמעט און זיידענס גערוישט:
מיר חיכערן שרעקליך און טריבּען.

אָ, דאָס איז געוועזען אַ רויכערען, גאָט.
איך וועל דאָס נישט קיינמאָל פֿערגעסען!
זיי ועגען חי גיפּטיגע בּלומען אַרום
און בּינטע קאָסטיומען געזעסען.

דער מאַן האָט זיין אָפּיום בּעהאַלטען, געשפּראַיט.
איר גיפּטיגען אָטעם די ליליע,
מיט שטילע און צערטליכע דופטען געסמיט
די גלופּט האָבען מאַי־גלעקלעך שטילע.

פּיאַלקעס, רעזעדאַ. בּעשיידען און שטיל
און דונקעלע היימליכע לאָזשען,

זיי האָבען פֿון יונגע, נאָך קנאָספּיגע בריסט
בּערויטענדע ריחות צעלאָזען.

און רויזען, און רויזען פֿון אַלערליי אַרט.
מיט הילדע און צערטליכע הויפּטען,
זיי האָבען פֿון רייצענדען באַל-דעקאָלטע
צעשפּרייט זייער הויפּט און דער לופֿטען.

לעם מיר אויף אַ זאַמטע געזיידן האָב איך צוויי
אין פּרעכטיגע פּיקאַנטע קאָסטיומען,
זיי האָבען פֿערחלומט געקוקט אינ'ם זאַל,
ווי שטענגע עגזאָטישע בלומען.

די ערשטע געווען איז געשמיידיג און שלאַנק,
מיט אויגען צוויי הונקעלע, גרויסע —
זיי האָבען הינלב-אָפֿען געקוקט אינ'ם זאַל,
ווי אָוענד צוויי טראָפּישע הייסע.

די ברעמען זיי האָבען צוויי שאָטענס געלעגט
אויף אירע בלאַס לענגליכע באַקען,
געהיים און פֿערפֿירעריש האָט זיך געחייסט
פֿון הונקעלע לאָקען איר נאַקען.

איר קלייד איז געווען פֿון ים-גרינעם ווייד,
געכוואַליעט אין טויזענדער פֿאַלבען,
ווי מילך-ווייסער שוים האָט געווייסט זיך אויף זיי
איר ברוסט, און געדופּטעט פֿון זאַלבען.

פֿאַרוואָרפֿען אַ פֿוס אויף אַ פֿוס איז זי שטיל,
האַלב-דיצענה און זאַמטע געלעגען,
און פּלוצלונג האָט שנעל זיך דער גרינליכער ים
גענומען אין כוואַליעס בּעוועגען.

און איך האָב געזעהן, ווי פֿון מאַרמאָר געשניצט,
אין שוואַרצע, דורכזיכטיגע שטרימפּען,
צוויי שלאַנקע בעוועגליכע מיידלשע פֿיס,
ווי יונגע צוויי שפּילענדע נימפֿען.

אויף טופֿליעס צוויי הויכע פֿון סאַמעט און האַפֿט,
האָט זי אין אַ וואַלס זיי צעטריבען,
און איך האָב פֿון ווייכער איר שטימע געהערט:
— מיר רויכערן שרעקליך און טריבען.

די צווייטע איז גלייך, ווי אַ צייטיגע פֿרוכט
אין בלומיגען אַטלאַס פֿערזונקען,
האַלב-ליגענד פֿערחלשט פֿון רייצענדען שטאָף,
מיט גאַרענדע גלידער געוואונקען.

די לאָקען ראָקאָקאָ, געפּודערט אין דויך,
דאָס פּנים גערויזט פֿון פֿערלאַנגען,
די ליפּען האַלב-אָפֿען און פֿולע מיט זאַפֿט —
זיי האָבען געלאָכט, ווי מיט צוואַנגען.

אַ ברוסט-טוך פֿון טיול האָט די ברוסט איהרע פֿערהילט,
אויף וועלכער איר האַנד איז געלעגען,
און אָפֿט מיט צוויי לענגליכע פֿינגער פֿלעגט זי
די ראָז-בלאַסע סודות ענטפּלעקען.

איר אָטעם האָט חיפּטיג און פֿלאַמיג בערוישט,
און אַלע געדאַנקען פֿערטריבען,
די אויגען טיר האָבען האַלב-אָפֿען געבליצט:
— מיר רויכערן שרעקליך און טריבען.

לעבען מיר איז געזעסען פֿאַרקלערט דיכטער איקס
און טרויריג בעטראַכט די געשטאַלטען;

זײַן קינסטלעריש אויג האָט געפֿינען אין זײ
דעם ייִדישען טרויער בעהאַלטען.

דערקענט איהר ניט, איינהאָרן, שוועסטער פֿון אונז:
צוויי זינדיגע ייִדישע טעכטער.
אָ, זעהט, ווי עס בליקט פֿון די אויגען בײַ זײ
דער ייִדישער צער, ווי אַ וועכטער.

אָ, ווען נאָר איך זעה זיי, דערהער איך פֿון ווײַט
דעם ניגון פֿון שכינתא בגלותא.
די ערשטע, וואָס טאַנצט — דאָס איז שבתי־צבי'ס ווײַב,
די מיסטישע ליכט מטרוניתא.

די צווייטע, וואָס זיצט אין אַטלאַס פֿערהילט,
און ברענט אַזוי פֿאַרנעם און איידעל —
דאָס האָט אויך איר ליבענדען פּוילישען גראַף
אַ יונגע פֿראַנקיסטישע מיידעל.

יאָ, ליבער, זיי וועלען פֿון פֿאָלק שוין אַוועק —
זײַן גײַסט אָבער איז זיי געבליבען,
זיי ברענען, ווי אָפּפער, אין הייליגען פֿלאַם,
און רויכערן שרעקליך און טריבען.

דריטער קאַפּיטעל.

... „שוואַרץ בין איך, אָ, טעכטער פֿון ציון, דאָך שיין
אַ בלום פֿון די זוניגע לענדער.
ווי קדרים געצעלטען איז הינקעל מײַן חן,
מײַן לײַב איז ווי שלמה'ס געווענדער".

„עס האָט מיך פֿערשוואַרצט די זון, ווען איך בין
געגאַנגען די ווײַנגערטנער היטען,

די גערטנער די פרעמדע, ווי האָב איך געהיט,
און מײַנעם, אים האָב איך געמיטען".

„אָ, זאָג מיר, מײַן ליבסטער, וואו טרײַבסטו די שאָף,
וואו רוהסטו נאָכמיטאָג, מײַן ליבער?
פאַרוואָס זאָל איך אַ מעדום פרעגען אויף דיר
אין פּלאַטערן, גלײַך ווי אין פיבער?"

„אָ, טרײַע, די טרײַב נאָך די טריט פון די שאָף,
דײַן פרעהליכע סטאַדע פון ציגען,
אַהין, צו די זאַפּטיגע לאָנקעס פון טאָל,
אויף וועלכע די פּאַסטוכער ליגען".

„— עס רויטלען, מײַן טרײַע, די באַקען בײַ דיר,
ווי עפּעל פון דזילבערנע קײַטען.
דאָס שנירעל קאָראַלען עס גליהט אויף דײַן האַלז,
זוי ווי אַ קרענצעל פון קווײַטען" —

„— אַ בינטעל פון מור איז מײַן ליבסטער בײַ מיר
צווישען די בריסט מײַנע רוהט ער,
אַ הענגעל פון טרויבען איז ליבסטער בײַ מיר,
אין עין־גדי׳ס ווײַנגערטנער גליהט ער" —

„— שען ביסטו, מײַן טרײַע, און ליבליך און צאַרט,
די אויגען בײַ דיר זענען טויבען —
שען ביסטו, מײַן ליבסטער, און הערליך און שטאַרק,
די אָרעמס בײַ דיר זענען לײַבען".

„די צווײַגען, ווי גרינען בײַ אונז אויפ׳ן בעט,
דאָס הויז איז פון סעכטינע צעדער,
פון ציפּריסען האָלץ איז דער באָדען געבעט,
די לופט איז פון בליהענדע סעדער"... —

*

ווער וואַרקעט מיר צערטליך פון לידער דאָס ליד,
און וויגט מיך אין שטראָם פון די טענער?
אַ ריח פון לאַנקעס מאַכט דופטען די לופט,
מײַן גאַרען ווערט רייַנער און שענער.

דאָס האָט זי, מײַן ליבסטע, אין צימער בײַ איהר,
אין איינס פון די פרײַטאָג-צו-נאַכטען
געפרובט אין חער-פרעמה מיט אַ בילה פון הערהיים
ערפרישען מײַן אינערען שמאַכטען.

איצט שטעהט זי פערהײַליגט אין ווײַסען פערקלײדט
און צינדט-אָן פון שבת די לײַכטער,
עס לײַכטען די אויגען מיט רוהיגען פרייד,
און הארצען ווערט ברייטער און לײַכטער.

אַזוי שײַנט די מלכה פון שבת בײַם שוועל,
בעגלייט פון דרײַ גאָלדענע שטערען;
אַזוי שטראַהלט די שכינה אין שעה פון דער טרײַסט
און שטילען ערלעזונגס-בעגערען.

אַזוי איז די הייליגע הירטען, וואָס היטט
אין חפטיגען „פעלד פון די עבעל“;
אַזוי געדט דער מאָרגען-רויט אויף חער, גי
אין ראָזליכען גאָלדיגען נעפּעל.

און חתד ווערט דונקעל, די ליכט פלאַמען-אויף,
דאָס טישטוך ווערט קלערער און העלער,
עס פינקעלט און פורפור דאָס פלעשעל מיט וויין,
עס שפיגלען זיך רוהיג די טעלער.

די חלות, זיי ליגען געהייליגט פֿערדעקט,
אַ איינפֿאַכע גאָב פֿון די מענשען,
עס שוועבען אַרומעט מלאכים פֿון פֿריה
און בענשען, און בענשען, און בענשען.

— ווי שלאַנק ביסטו, ליבסטע, אין ווייס־ווייסען קלייד,
וואָס פֿאַלט אין מאַיעסטעטישע פֿאַלבען!
אַזוי נור קאָן רוהיג אַ קעניגין שטעהן
און פֿירפֿורנעם קלייד פֿאַר'ן זאַלבען.

אָ, זאָג מיר, ווער האָט דיר פֿער'כשוף'ט דיין פּראַכט:
— דער הייליגער שבת, מיין טרייער!
די יודישע טאָכטער ברענט וואונדערליך העל
אין ריינעם און הייליגען פֿייער. —

אַזוי האָט מיין ליבסטע מיר צערטליך געזאָגט
און שנעל פֿונ'ם צימער פֿערשוואונדען,
נאָכדעם ווי איהר קוש אויף די ליפּען ביי מיר
האָט פּלוצלינג די פֿלאַמען צעצונדען.

דער מלאך פֿון טרוימען האָט שנעל איפּ'ן בראָגו
געטריקענטע בלומען צעשאָטען,
און אויפֿגעבליהט האָבען זיי וואונדערליך רעל
אין שפּיל פֿונ'ם ליכט און די שאָטען.

דאָס זענען געווען די בלומען פֿון טרוים,
וואָס ליגען געהיים אין זכרון:
די בלומען פֿון חדר, די קנאָספּען פֿון היים,
די בליטען פֿון קינדערישע יאָהרען.

אַ פּרעכטיגער גאָרטען... אַ סוחת'דיג פּאַרק...
פֿיל פּרישע פֿאָנטאַנען און קוואַלען,

דאָרט ווינט די בעראָזע איהר לאָקיגען קאָפּ
און ס׳חלשט די פּאַלמע אין שטראַהלען.

דאָרט ס׳דרעען די וועלדער פֿון ליטע פֿאַרטרוימט
און ס׳רוישען פֿון לבנון די צעדער;
דאָרט שפּרייטען אָראַנזשען און ליפּט זייער הויפּט
און ס׳בליהען די ליטווישע בעזער.

דאָרט שפּיגעלט דער ניעמאַן און וואַסער בײַ זיך
פֿון גראָדנאָ און קאָוונאָ די היגעל,
דאָרט טובל׳ט די מױערען טבריה די שטאָדט
אין בלאָען כנרת׳שען שפּיגעל.

און דאָרט, אינים שטילען פֿער׳כשופֿ׳טען פּאַרק
שפּאַצירען די הערליכסטע פֿרויען,
די טעכטער ישראל׳ס, די וועלכע איך פֿלעג
אין יוגענד מײַן ליבע פֿערטרויען.

*

אַט זעה איך אַ זומערדיג פֿרײַטאָג-צו-נאַכטס,
אין קלויז איז עס פֿײַערליך ליכטיג,
עס ברענען די בלײַך-לאָמפּען מיטער און רעל,
דער באָדען — געוואַשען און ציכטיג.

די ווענד זענען נאָר-וואָס געקאַלכט און בעמאָלט,
דער אַלטער פּרוכת פֿון אָרון
הענגט ערנסט און רוהיג, בעהאַלטענדיג שטרענג
דעם סוד פֿון אינענדליכע יאָרען.

דעם עמוד בעגלײַטען צוויי רייהען פֿון ליכט
און צירען פֿון מזרח די בילדער.

דער לײַב װערט־אױס שטאַרקער, גראַציעזער — דער הירש
די טױבען — נאָך צאַרטער און מילדער.

דאָס פֿענסטער איז אָפֿען, איך דאַװען לעם אים
און לאָז מיך פֿון נאַכט־װינטעל גלעטען,
עס גיסט זיך מעלאָדיש פֿון חזן די שטים
און בענקענדיגע רוהיגען בעטען.

פֿון יענער זײַט טײַך װײַדט אַ ריח פֿון הײַ,
עס פֿינקלען פֿון הימעל די שטערען,
אַ װאַסער־מיל רױשט אין דער שטילקײַט פֿון נאַכט,
עס לאָזט זיך אַ פֿלײַטע װאו הערען. —

און גיסט זיך צונױף מיט׳ן ניגון פֿון קלױז
און װעקט־אױף אַ הײַסען פֿערלאַנגען,
עס דוכט מיר, שולמית, זי װינקט מיר פֿון װײַט
און ציהט מיך מיט מעכטיגע צװאַנגען.

אַ רױזען־פֿעלד בליהט װאו פֿאַר טױזענדער מײַל,
דאָרט װײַהען די אמתע בשמים,
דער טײַטעלבױם צײַטיגט, דער עפּעלבױם שמעקט
און ס׳רוהען אין נאַכט־טױ די כּרמים.

דאָרט זיצט די צנישע הדסה און װאַרט
בײַם ברעג פֿון אַ קװאַל אױף מײַן קומען,
די ברוסט איהרע קיקען אַרױס פֿונ׳ם העמד,
װי קנאָספּען צװײ פֿרישע פֿון בלומען.

מיט װאַסער־ליליען פֿערפֿלאָכטען די צעפּ,
איהר שטערען בלײַכט האַרציג אין דונקעל
עס רױזען די באַקען, עס פּערלען די צײן
דער בליק איהר שײַנט, װי קאַרפֿינקעל.

אָט, דוכט מיר, זי נעמט מיר אַרומעט דעם קאָפּ
אין סוד'עט מיר: „ליבער, געטרייער,
די יודישע טאָכטער בתענט וואונדערליך העל,
אין ריינעם, אין הייליגען פייער"...

פערשוואונדען דער חלום, און שנעל אויף זיין אָרט
קומט ווידער אַ חלום אַ צווייטער:
אָט הער איך, ווי ס'שטורמען כוואַליעס פון ים,
אין ס'שפּרייט זיך אַ מדבר אַ ברייטער,

אין איבער איהם טראָגט זיך אַ שלאַנקע געשטאַלט
אין פאָכט מיט אַ פּויק אין דער לופטען,
דאָס פּנים איהרס פלאַקערט אין טיפען עקסטאַז,
די קליידער, זיי שמעקען מיט דופטען.

די אויגען געשלאָסען, צעפלאַטערט די האָר,
עס דרעפּט זיך דער זייד צו די גלידער,
עס יובעלט איהר שטימע אין יונגפרויען-כאָר
אין טראָגט זיך אין מעכטיגע לידער.

עס שטורמט, עס רויש'ט און עס יובעלט דער ים
מיט טויזענדער מעכטיגע טענער,
עס פלאַקערט די זון, ווי אַ גאָלד'נער פלאַם,
עס ווערען אין ליפּטען די פּענער.

עס בליצען די שווערדען, די מתנה זי בלאַנקט
פון פּאַנצערים אין שניי-ווייסע העמדער,
עס בלאָזען די שופרות, עס הינערט דער פּויק,
עס שטויבען פון מדבר די זעמדער.

דאָך איבער אַלץ יובעלט איהר פריידיגעס ליד.
איהר שטימע בעהערשט אַלע קלאַנגען,

עס ברויזט, ווי דער ים אין עס ברענט, ווי דיי זיין
די לידער פון פרייהייטס-געזאנגען.

און קומט זי אַליין נעהנטער, און שטעהט זי לעם מיר.
און קוש איך דעם זוים פון די קליידער,
עס ווערען פערשוואונדען די ליכט און דער טיש,
די ווענד און די מעבעל פון חדר.

איך זעה אירע אויגען געווענדעט צו מיר,
און הערט מיר, זי וויל מיך בעריהרען.
אָ, מרים הנביאה, איך געה נאָך דיין הויף
און פאָלג דיך, וואוהין דו ווילסט פיהרען.

און הערט מיר, איך שפּרייז פול מיט ליבע נאָך איהר
און סוד'עט מיר עמיץ: „מיין טרייער,
די יודישע טאָכטער ברענט וואונדערליך העל
און ריינעם, און הייליגען פייער.

*

די קייט פון די טרוימען האָט פלוצלינג געפּלאַצט...
מיט ריטמישע טריט און מיין חדר,
איז ווידער מיין איינציגע טרייע פריינד
און הונקעלע זיידענע קליידער.

די בלויזע געוועהן איז פון נאַכט-שוואַרצען זייד
מיט גראָליכע שפּיצען בעפּליטערט.
אַ גרויסער ברילאַנט, ווי אַ קינדישע טרער
האָט היין אויף איהר בוזים געציטערט.

אַ שנירעל פון פּערל האָט צערטליך איהר האַלז
בעשטיינט מיט אַ מאַטאָווען שימער,

די לאָקן, זיי זענען געהאַנגען פֿערטראַכט,
בעהויכט מיט אַ בענקענדען קימער.

דורך זיי האָבען וואונדערליך קינדיש געקוקט
צוויי אויערן, ראָזע און קליינע,
מיט דימאַנטען רינגע, וואָס האָבען געבליצט,
ווי טראָפּען פֿון מאָרגענטוי ריינע.

דאָס פּנים געוועזען איז ערנסט און ווייך,
די ליפּען האַלב-שמייכלענד און טרויער,
די אויגען, די גרויסע, פֿערנעבעלט מיט זאָרג,
פֿאַרשטעלט מיט אַ ווייטענעם שלייער.

אַזוי נור שפּאַצירט אין איהר איינזאַמען פּאַ־
אַ שטאָלצע, פֿאַרלאָזטע פּרינצעסין;
אַזוי נור, אָ, וואַנדערט אַ קעניגין שטיל,
פֿון פֿאָלק און פֿון קעניג פֿערגעסען.

— ווער האָט דיך, מיין טרייע, בעטריבט אַזוי שטאַרק,
וואָרום ביסטו ווידער אין שוואַרצען:
— דער טומעל פֿון גאַס און דער ווירבעל פֿון מאַרק
אין ס'אייביגע נאָגען אין האַרצען.

יאָ, ליבער, ענטשולדיג, איך האָב איצט צעשטערט
ביים יודישען דיכטער די טרוימען,
עס צאַנקען די ליכט שוין, עס איז נישט בעשערט
צו שאַפֿען דיר רוהיגע ריימען.

דער שבת, מיין ליבעל, ער קומט נישט צו אונז,
ער ווייזט זיך נור דאָ, ווי אַ חלום;
ביים טאַטישי, ליבער, דאָרט שוועבען זיי אים,
די אמת'ע מלאכי-השלום.

דאָך דאגה נישט, ליבּע, איך בּלייבּ דאָ מיט דיר
און בּוי דיר אַ היימאַט, אַ נייע;
די יודישע טאָכטער בּרענט וואונדערליך העל
אין ריינעם, אין הייליגען פייער.

דאַבּיי האָט זי שטיל מיר אומאַרעמט דעם קאָפּ
און צערטליך געגלעט מיר דעם שטערן,
דער גרויסער בּריליאַנט אויף איהר בּוזים האָט העל
געלויכטען צו מיר, ווי אַ שטערן.

---

הערבּסט־שטימונג.

„איז דאָס דער לעצטער קוש אין דיינע הייבּע אָרעמס?
עס טוליעט אַזוי ליבּ דיין לייכטער פּעניואַר;
עס חייסט זיך נאָך געהיים די בּרוסט פון זיינע שפּיצען
און הויקט מיך אויף מיין האַרץ מיט זיסען מילדען צער".

„די אויגען קוקען מיר, גלייך ווי די זון אין פענסטער;
פון טויזענד פאַלבּען קוקט דיין שלאַנקער גוף אַרויס,
און ווי אַ ווייסע טויבּ דערשראָקען ליגט פערגליווערט
דיין שמאָל־געשניצטע האַנד אין סאַמעט פון דיין שויס".

אָ, לאָמיך אָטעמען דעם הויפּט פון דיינע אַקסלען,
זיי שמעקען, ווי די רייפע רויזען אַזוי שטאַרק,
זיי קוקען שטיל אַרויס אין שאָטען פון די לאָקען,
גלייך ווי אַ מאַרמאָר־בּוסט אין שטילען אלול־פּאַרק".

„אָ, לאָמיך נידערן צו דיינע פיס די שלאַנקע,
ווי הירשינס יונגע צוויי, פון ווילדען יעגער מיד,
פערמאַטערט קוקען זיי אַרויס פון דיינע קליידער
און ציהען זיך נאָך רוה מיט יערען שענעם גליד".

װען האָב איך עס געזעהן? װען האָב איך עס געפֿילט?...
װען האָב איך זי געקושט? װען האָב איך זי געגלעט?...
פֿערלאָרען שטעהט דאָס הויז — דאָרט װאוינען איצט פֿרעמדע,
און פֿרעמדע שלאָפֿען איצט די שאָטענס פֿון מײַן בעט.

דער הויכער טאָפּאָל שוים מיט בונטע געלע בלעטער.
די פֿענסטער פֿײַערן אין זוננען-אונטערגאַנג.
אָט שטעה איך פֿאַר׳ן שוועל און בעט בײַ אַלע געטער,
און ס׳איז מיר אַזוי גוט, אַזוי אומענדליך באַנג...

---

## אַ רגע רוה.

װי אַ באַלזאַם פֿליסט זי װידער
יענע שטילע רגע רוה.
מײַנע ברעמען פֿאַלען נידער
לײַכטער װערען מײַנע גלידער
לײַכטער װערען מײַנע גלידער
אויף דעם װעג פֿון שטילער רוה,
אויף דעם װעג פֿון שטילער רוה.

עמיץ זינגט בעקאַנטע לידער
מיט אַ נאָהנטען ליבען קול,
און עס סודעט װער פֿאַרטרויליך
װאונדער-מעשׂיות פֿון אַמאָל;
װי אַ װאַסער זשומט דאָס פֿרעהליך
און אַ װײַסען מאַרמאָר-שאַל,
װי אַ יאָמער קלינגט דאָס גרויליך
און אַ טיפֿען װיסטען טאָל.
שאַרפֿער, שאַרפֿער װערט מײַן אויער
פֿאַר דעם ליב-בעקאַנטען קול,
שאַרפֿער, שאַרפֿער װערט מײַן אויער
פֿאַר דעם ליב-בעקאַנטען קול.

און איך קום אין לאַנד פֿון צויבער,
אין דעם שטילען יוגענד-לאַנד:
דאָרט'ן פֿליט די גאָלד'נע פֿאַחנע
מיט דעם הינקעל-בלאָעע באַנד;
דאָרט'ן שטראָמט דער קוואַל פֿון לעבען
אויף אַ פֿינקעלדיגען זאַנד,
און דאָס ציגעלע, דאָס ווייסע,
עסט דאָרט מאַנדלען פֿון מיין האַנד.
העלער ווערען מיינע אויגען
אין דעם שטילען יוגענד-לאַנד,
העלער ווערען מיינע אויגען
אין דעם שטילען יוגענד-לאַנד.

---

## ליבעס געבעט.

יונג איז מיין ליבע,
ריין, אָהן אַ פֿלעק.
גאַנץ מיין נשמה
שענק איך אַוועק
דער, וואָס דיין ווילען
בעשערט האָט צו מיר.
שיק, גאָט, מיין ליבע,
מיין ליבע צו איהר!

ריין זאָל מיין אויג זיין;
לויטער מיין זעעל;
קלאָר זאָל מיין האַרץ,
גלייך ווי אַ קוועל.
דיין זאָל מיין קרבן
אַ גאַנצער פֿאַר דיר.
שיק, גאָט, מיין ליבע,
מיין ליבע צו איהר!

שטאַרקע נסיונות
רינגלען מיך אום.
עס לאָקערט דער שטן
און ציהט מיך וואו שטום.
גאָט, אפשר פאַלט שוין
זיין בליק אויף אויך איהר?
שיין, גאָט, איהר ליבע,
איהר ליבע צו מיר.

גלייך ווי עס נויגט זיך
אַ בלום צו אַ בלום,
גלייך ווי דיין חסד
די וועלט נעמט־אַרום,
זיין זאָל די ליבע
ביי איהר און ביי מיר.
שיין, גאָט, מיין ליבע,
מיין ליבע צו איהר!

---

## ממעמקים.

לאָמיר נישט ריידען
און האָבען געדולד.
הייליג די ליידען,
וואָס קומען אָהן שולד.
הייליג די ליידען,
זיי לייטערן שנעל.
עפענען הערצער
און מאַכען זיי העל.

אימעדום הער איך
נאָך הילך דיין געשריי...

זעה דײַנע אויגען,
ערפּילטע מיט וועה.
זעה דײַנע אָרעמס,
אין לײדען צעשפּרײט,
אין שטיקער צעריסען
דײַן קעניגליך קלײד.

נאָר ווי קאָן איך העלפען?
אין וואָס קאָן איך טון?
אויך איך בין אַ קעניגים
פערטריבענער זוהן.
ערגעץ-וואו ראָסטעט
פערלאָרען מײַן שווערד,
ערגעץ-וואו בלאָנדזעט
מײַן מעכטיגעס פערד,
ערגעץ-וואו דרעמעלט
פערכשופ׳ט מײַן חיל,
ערגעץ-וואו, טרײַע,
פאַר טויזענדער מײַל...

אין איך בין דאָ אײנער,
אין האָב נישט קײן מאַכט;
קריץ מיט די צײנער
אין שלאָפלאָזער נאַכט;
ברעך מיט די פינגער
אין יאָמער און בעט;
ווײק-אוים מיט טרערען
מײַן אײנזאַמעס בעט.

אָט, זעה, הױ איך ניט זיך
אין קוש דײַנע טריט,

וואַש זיי מיט טרעהרען
פון שווערען געמיט,
שמעק יעדען דאָרן
פון זיי אין מיין לייב,
גרייט דיר צו העלפען,
מיין הייליגעס ווייב.

לאָמיר נישט ריידע,
און האָבען געדולד.
הייליג די ליידען,
וואָס קומען אָהן שולד.
הייליג די ליידען,
זיי ליטערן שנעל,
עפענען הערצער
און מאַכען זיי העל.

---

### פריהלינג׳ס צער.

וויסע פריהלינגס-בליטען,
שיטען דיך אין שיטען...
גלייך ווי דיינע טרוימען,
וועט מען זיי נישט היטען;
גלייך ווי דיינע טרוימען,
וועט מען זיי ציטרעטען.
איינציגע נור אפשר
וועט מיין זעעלע רעטען,
איינציגע נור אפשר
וועט מיין ליד געפינען,
און מיט ריימען צאַרטע,
ליבסטע, דיך בעשפינען.

## אַ חופּה־ליד.

זאָל אין דיין כּלה־שוים
מיין לוסט געהייליגט זיין,
גלייך ווי דער רויטער וויין,
וואָס פֿינקעלט אינ'ם כּוס
ביים שיין פֿון חופּה־ליכט

און דיין זאָל מיין בעגעהר
פֿון חלום נישט ערוועקט,
גלייך, ווי עס איז בעדעקט
מיט צאַרטען וויסען זייד
דיין מיידעלשעס געזיכט...

און ווען דער כּוס וועט זיין
שוין לעדיג פֿונ'ם וויין
און פֿול מיט שטילען פּיין
וועט ליעגען זיין קריסטאַל
צעשמעטערט צו דער ערד.

אָ, גלויב! עס איז דער שטויב
פֿון דער פֿאַרבלוטיגטער (?) טיר,
וואָס נאָך איהר לייכטען שפּור,
איז ערשט דאָס צייטיגע
און זאַפֿטיג פֿרוכט בעשערט.

און ווען דיין יונגפֿרוי־האַרץ
וועט בליטען פֿון פֿערדרוס,
ווען צו דיין שלאַנקען פֿוס
וועט ליעגען אָבגעפּליקט
די ריינע יוגענד־בלאַט.

אָ, גלויב! עס איז אַ פֿרײַנד,
אַ ברודער אין אַ מאַן,
מיט, דיר, מײַן קינד, פֿאַראַן,
וואָס ליבט אין בויט מיט דיר
[illegible]...

פרעסע-וואָך 31 מאַי — 7 יוני 1919.

# אונזער גרוס



אַרויסגעגעבן פון דער רעדאַקציע „לעבענס-פראַגען" וואַרשא.

דוד איינהאָרן.

* *
*

רויט איז דאָס לעבען, וואָס קרייזט אונז אין בלוט.
רויט איז די שענהייט, וואָס שטראַהלט פון דער רויז.
רויט איז די הימעלשע וואוניגע גלוט,
וואָס רייסט זיך אין פלאַמען פון מאָרגען אַרויס.

רויט פינקעלט די שמחה אין שוימיגען וויין.
רויט צירט־זיך די יוגענד אין פלאַמיגער קלייד.
אויף אונזערע פאָהנען, זעהט, פלאַטערט אין שיין
דאָס לעבען, די שענהייט, די זון און די פרייד.



ב. מיכאַלעוויטש

# דאָס וואָרט.



גרויס איז זיין מאַכט
און ממשות אין לעבען.
דאָס וואָרט געהט איינאיי־
נעם מיט דער טהאַט און
לויפט אפילו אָפּט פאַר
איהר פאָראויס.

„צום אַלעם ערשטען",
זאָגט זיך אין ברית־חדשה:
„איז געווען דאָס וואָרט".
פריהער איז געווען דער
„ויאמר" — דער בעגעהר,
נאָכדעם ערשט איז געקו־
מען דער „ויהי"—דאָס גע־
וואָרענע. פריהער האָט
דער בעשעפער געמוזט
זאָגען: „ס'זאָל זיין"; נאָכדעם ערשט איז דאָס ליכט בעשאַפען
געוואָרען.

די פריאָריטעט, וואָס די מענשען האָבען צוגעשריבען
דעם וואָרט איבער דער אַקציע, איבער דער האַנדלונג, ער־
קלערט זיך מיט דעם, וואָס דאָס געשאַפענע, דאָס געשעהענע
ווערט פאַר אונז בעגרייפליך ערשט נור דורכ'ן וואָרט, נור
מיט דער הילף פון וואָרט. פון ערשטען מאָמענט־אָן, ווען דער
מענש האָט זיין חוט־השדרה אויסגעגלייכט און דעם קאָפּ אין
דער הויך, צום הימעל אויפגעהויבען, האָט ער זיך באַלד מיטן
וואָרט בענוצט, האָט פון איהם פאַר זיך אַווערקצייג געשאַפען,
האָט איהם געשליפט און געפיילט און פון איהם אַ לשון גע־

בילדעט. „די שטומע צינגער"' — די חיות זענען צוליעב זייער שטומקייט טאַקע אין זייער חיה'שען צושטאַנד פֿערבליבען.

ס'זענען פֿאַרהאַן כחות, וועלכע ווערען געשאַפֿען נור דורך אַ סאָציאַלען צוזאַמענווירקען. איינזאַם, אַליין וואָלט דער מענש שוין לאַנג אומגעקומען אין זיין האַרטען קאַמף מיט די שטאַרקערע און מעכטיגערע כחות פֿון דער נאַטור. זיין הויט איז ביי איהם דין און צאַרט געוואָרען, זיינע נעגעל — קורץ, זיינע באַקצייהנער — אָבגעטעמפּט און דעם עק האָט ער שוין לאַנג פֿערלאָרען. אָנשטאָט דעם האָט ער דאָס וואָרט ערוואָרבען, אַ לשון בעקומען.

דער מענש איז אַ סאָציאַלע חיה, ער קאָן אויף דער וועלט עקזיסטירען נור אין צוזאַמענלעבען און צוזאַמענאַרביי־טען אין אַ מענשליכער חברה. און דאָס וואָרט איז דער סאָציאַ־לער פֿאַקטאָר, וואָס פֿערבינדט די צעריסענע יחידים און מאַכט פֿון זיי איין שאַפֿענדען קאָלעקטיוו.

דאָס וואָרט קניפּט צונויף די מענשען אין זייערע איבער־לעבונגען, פעראייניגט זייערע שטרעבונגען, פֿיקסירט זייער ער־פֿאַהרונג, מונטערט זיי צו מעשים, בעזינגט זייער העלדישקייט און פֿעראייביגט זייער שאַפֿען. דאָס געשאַפֿענע וואָרט ווערט אַליין אַ שאַפֿענדער כח אין לעבען.

דאָס וואָרט קייטעלט צוזאַמען איין דור מיט'ן צווייטען, פֿערינגעלט דעם עבר מיט דער געגענוואַרט און וואַרפֿט פֿון איהר אַ בריק צו דער צוקונפֿט, צו די הימעל־שוועבענדע, אָדלער־בעפֿליגעלטע צילען פֿון דער מענשהייט.

אָבער לעת־עתּה איז נאָך די מענשהייט מעהר נישט ווי אַנ' אַבסטראַקטער בעגריף, אַ ביאָלאָגישע דעפֿיניציע. אין רעאַלען לעבען, און לויט'ן סאָציאַלען צוזאַמענשטעל, איז זי דערווייל צוריסען, צופֿליקט אויף שטיקער. איהר געשיכטע — אַ זודיג שלאַכט־פֿעלד פֿון קעמפֿענדע מחנות. עס ברויזען אין איהר די אייביגע כאָציאַלע קאָנפֿליקטען צווישען פריווילעגירטע און בעולה'טע, צווישען מיט שוויים־שאַפֿענדע און פֿערשווענדעריש־געניסענדע, צווישען די וועלט־בעפֿרוכטענדע און די פּאַראַזי־טיש־רויבענדע, צווישען די, וואָס זייהען זייער זריעה מיט בלוטיגע טרעהרען און די, וואָס שניידען פֿרעמדע פֿרוכט מיט ציניש[ען] חוזק — צווישען דער אַרבייטענדער מענשהייט און די אונפּראָדוקטיווע גיטער־פֿערשווענדער.

אָבגעשוואַכט ווערט דער קאָלעקטיווער מענשליכער פֿער־באַנד, אַנטי־כאָציאַל זיין סאָציאַלע האַנדלונג, זאָאָלאָגיש —

זיינע בעגריפען, און דער וואַלד, דער רויהער נאַקעטער וואַלד איז דער איינציגער אימפּעראַטיוו און דער גאַנצער מענשליכער פּראַקטיק.

און אויך דאָס וואָרט ווערט נור אַ פּריווילעגיע פֿאַר די פּריווילעגירטע, אַ ראַפֿינירט שפּילצייג פֿאַר די אויסגעלאַסענע, אַ פֿוילער, פֿאַלשער געברויך פֿאַר די פֿערשווענדער און אַ פֿער־סמ'טע פֿייל פֿאַר די האָרעפּאַשניע.

זיי, די אַרבייטענדע, די גיטער־שאַפֿענדע, די וועלט־בע־רייכענדע מאַטערען זיך שטיל, פּלאָגען זיך שווייגענד און קוּ-מען-אום אָהן ווערטער אויף די ליפּען. גרויס איז זייער צאָהל, ווי דער זאַמד ביים ים, טיעף איז זייער עלענד, ווי זיין אָב־גרונד און שטיל זענען זייערע ליידען, ווי זיינע וויטע טיפֿעני־שען. דער אטלאַס, וואָס טראָגט אויף זיך דעם גאַנצען ערד־באַל שטעהט שטום, מאַיעסטעטיש שטיל אונטער דער שווע־רער לאַסט פֿון זיין גרויסער משא. שטום און שטילשווייגענד איז זי די אונצעהליגע, ענאַל־פֿיהלענדע און גלייך־אויסזעהענ־דע אַרבייטער־מאַסע, שטום אין איהרע ליידען, שטילשווייגענד אין איהר שאַפֿען.

פֿערטיפֿט אין זיך, געזונקען אין דער גרויסער, עקסטענ־סיווער סטיכיע פֿון לעבען, טראַכט זי אין געהיימניס־פֿולער שטילקייט איה־ע סודות'דיגע רעיונות, וועבט זי איהרע שוע־בענדע אין נעבעל געדאַנקען און פֿערשטיקט אין זיך איהרע נישט־אויסגעשפּראָכענע מחשבות. פֿול מיט רמזים און וואונקען שפּינט זי צעהנדליגער און אָפּטמאָל הונדערטער־יאָהרען איהר געוועב אין די טיפֿענישען פֿון לעבען, די פֿעדים פערוויקלען זיך איינע אויף די צווייטע, דער פּלאָנטער וועקט אַלץ פֿער־דרעהטער, ביז דער פֿערפּלאָנטערטער קנויל עקספּלאָדירט און רייסט־אויף מיט דונערען און בליצען...

אין מורא'דיג איז די מאַסען־סטיכיע אין איהר אויסברוך, שטורמיש איז דער מענשען־ים אין זיין בעוועגונג. ער ברעכט און רייסט, הויבט זיינע פֿאַליעס און וואַרפֿט זיי, שווענקט און ווישט־אָב אַלץ, וואָס ער בעגעגענט אין וועג. און הויבט־אָן די מענשען־מאַסע צו רעדען, דונערט זי מיט קאַנאָנען, מעלדעט איהר ווילען דורך קוילען און דריקט־אויס איהרע געדאַנקען דורך פֿייער און אייזען.

אין יענע צייטען זענען קלאָ־ע ווערטער אָם דרינגענ־סטען נויטיג, און יענע שלאַכטען ווע־ט דאָס אייפּ־כטיג, אמת וואָרט אַ נויטיג שאַרף געוועהר פֿאַר די אַרבייטער־מאַסען.

דאָס וואָרט העלפט זיי צו אָריענטירען זיך אין דעם גרויסען געראַנגעל, פערברייטערט פאַר זיי דעם קאמפּס-פּלאַץ, ווירקט-מיט ביים אויסאַרבייטען די דיספּאָזיציע, צייכענט-אָן די פּערס-פּעקטיוועז, מונטערט די אבגעשטאנענע און בעגייסטערט צו נייע שלאַכטען די קעמפענדע.

דאס אַרבייטער-סאציאליסטיש ווארט איז דער בליץ, וואס בעלייכט דעם חושך פון דעם היינט, דער פייל, וואס שאַרפט דעם געדאַנק, דער פויגעל-געשריי וואס זאגט-אָן דעם קומענדיגען שטורם — דאס ליעד און שווערד צוזאַמענגעשמידט.

ארגאַניש האט זיך דאס אַרבייטער-ווארט צונויפגעגאסען מיט דער אַרבייטער-אַקציע, פרעכטיג האט עס זיך איינגעפלאכ-טען מיט דער פראַקטיק און זיי ביידע צוזאמען בילדען איין לייב און זעעל, איין גוף און איין נשמה.

און מונטער הילכט דאס ארבייטער-ווארט, ווי מעכטיג איז דער אַרבייטער-אַקט, און אויפשטראַהלענד זיין ליכט, ווי פייערדיג איז דער אַרבייטער-אויפשטאַנד, און האַרמאניש זיין קלאַנג, ווי דער אידעאַל, וואס בעגייסטערט דעם אַרבייטער-קלאַס.

און מיט מוט און גלויבען פליהט אונזער יודיש רויט-ווארט אַנטקעגען דעם אנקומענדען שטורם, מישט זיך-אויס אין דעם וועלט-ווירבעל פון אונזער וועלטען-איבערקעהרענדער צייט, פלעכט זיך-איין אין דעם קראַנץ פון דער פראלעטאַריש-שאַ-פענדער לעגענדע און וועקט און רופט, און קעמפט און מונ-טערט, און זינגט און פעכט.

— דען עס איז דאָס ליעד און שווערד צוזאַמען!



ו. מעדעם.

# די „לעבענס-פראגען".




אַ פּאָר בלעטלעך ביאָגראַפיע.

וועמענס? — פון די „לעבענס-פראַגען".

אַ ציימונג קאָן אויך האָבען איהר ביאָגראַפיע. ווארום ס'איז נישט סתם שטיקער פּאַפּיר, בעדעקט מיט שוואַרצע צייכענס. אַ ציימונג איז אַ לעבעדיג בעשעפעניש. זי האָט איהר קינדהייט און איהרע רייפע יאָהרען. זי האָט איהר פּנים און כאַראַקטער. זי האָט איהר מזל און איהר גורל.

זי האָט יענע אינטימע שטריכלעך—זיי לאָזען זיך נישט אָנטאַפּען מען מוז דאָס פיהלען—וואָס לעגען אַ ספּעציפישען שטעמפּעל אויף איהר גאַנצען „איך": יענס געהיימניספולע „עפּעס", מיט וואָס איין אינדיווידואום, איין יחיד אונטערשיידט זיך אם טיעפסטען פון דעם צווייטען.

אַ פּאָר בלעטלעך ביאָגראַפיע.

---

אַ קליין שטיבעל אין אַ שטילער פאָרשטאָדט פון דער גרויסער רוסישער שטאָדט—ווילנע. אַ גרויסער טיש, עטליכע שטוהלען. ביי דער וואנד — אַ האַלבער טוץ פּראָסטע הילצערנע פּאַק-קאַסטענס, אַרויפגעשטעלט איינער אויפ'ן צווייטען: אַנ'ערזאַץ פאַר אַ שראַנק אָדער פאַר אַנ'עטאַזשערקע. דאָ גלייך — אַ צווייטער קליין צימערל. דאָרטען וואוינט סלאַוועק.

די ערשטע רעדאַקציע פון די „לעבענס־פראַגען". דער לוח זוייזט:

מאַי 1912.

ווי מאָרגע! די צייטונג געהט אַרויס אין וואַרשא. די רע־דאַקציע זיצט אין ווין. עס געהט ניט אַנדערש. „אונאָבהענגיגע סיבות": פּאָליציייאישע בעדינגונגען. דער איינציגער מיטעל צו בע־וואָרענען דעם קיום, — מען מוז זיך בעהאַלטען פון יענער זייט גרעניץ. אין וואַרשא זיצט בלויז איין פעראַנטוואָרטליכער אַרויסלאָ־זער, וואָס בעקומט פון ווין דעם גאַנצען מאַטעריאַל; ער גיט נור צו אויפ'ן אָרט די נויטווענדיגע שטיקעל כראָניק. דאָס איז דער — אין די שפּעטערע יאָהרען אַזוי בעקאַנט געוואָרענער — חבר מ. ראַפּעס.

אויך די ווינער רעדאַקציע איז ניט קיין גרויסע. אָבער גענוג גרויס פאַר אַ וואָכענבלאַט: בר. גראָסער, מ. אַבראַמאָוויטש א. ליטוואַק און איך.

טאָג־אויס, טאָג־איין קלויבען מיר זיך צוזאַמען אין דעם קליינעם רעדאַקציאָנס־שטיבעל. פריהלינג 1912, באַלד נאָך די בע־וואוסטע געשעהענישען אין די גאָלד־גרובען ביי דער לענא. אַ גרויסע פּראָטעסט־בעוועגונג האָט זיך צוגאָסען איבער גאַנץ רוס־לאַנד. מיר פיהלען אַלע: עס הויבט זיך אָן, די ערשטע, שוואַכע ליכטיגקייט פון אַ נייעם בעגינען.

די אַרבייט קאָכט, מיר גרייטען־צו דעם ערשטען נומער, מיר מאַכען דעם צווייטען, אָבער ס'איז שווער, מוֹרא'דיג שווער, וואָרום מיר זענען אויף אַנ'אינזעל. מיר זענען אויף אַ ווייטען, פרעמדען אינזעל.

ווין איז אַ שענע שטאָדט. אָבער ניט דאָ איז אונזער לע־בען, דאָס לעבען איז ווייט. מיר הערען זיינע אָבקלאַנגען, אָבער מיר פיהלען ניט זיין דופק, אַ גרויסער ווייטער שטח טיילט אונז אָב פון אונזער לעזער. מיר זעהען ניט דעם לעזער, מיר הערען איהם ניט. ניטאָ דער לעבעדיגער קאָנטאַקט, מיר טאַפּען אין דער פינסטער, ס'איז ניט דאָס.

די יודישע אַרבייטער־גאַס בעגריסט אָבער די צייטונג. און מיט טיעפער ריהרונג לייענען מיר די בעגריסונגס־ווערטער. ניט אומזיסט איז די פרייד פון די יודישע אַרבייטער. נאָך קנאַפּע 5 יאָהר שווייגען האָבען זיי ווידער זייער צייטונג.

ניט אויף לאַנג. דער ערשטער נומער איז קאָנפיסקירט. דער צווייטער נומער איז קאָנפיסקירט. מען אַרעסטירט די גאַנצע וואַרשאווער אַדמיניסטראַציע פון דער צייטונג. די זשאַנ־

דאַרמען ערקלערען: אַ בונדישע צייטונג וועלען מיר אין וואַרשא נישט דערלאָזען. מען מעג זיי גלויבען, דער פאָרהאַנג לאָזט זיך אַראָב. די „לעבענס-פראַגען" זענען דערוואָרגען.

---

מיט פיער יאָהר שפּעטער.

ווידער אַ קליין, בעשיידען שטיבעל. און אַ קליין הייפעל מענשען אַרום דעם גרויסען טיש. אָבער דאָס שטיבעל געפינט זיך שוין נישט אין דעם ווייטען, פרעמדען וויען. מיר זענען אין וואַרשא, אין סאַמע מיטען פון דער גרויסער אַרבייטער-סביבה, נאָוואָליפּיע 7. די „לעבענס-פראַגען" זענען אויפגעשטאַנען תחית המתים.

אַ שטילער, בעשיידענער אָנהויב. פון דער אַלטער רעדאַקציע איז כמעט קיינער נישטאָ. ליטוואַק איז אין אַמעריקאָ, אַבראַמאָוויטש איז געבליבען אין וויען, און סלאַוועק — אונזער סלאַוועק ליגט אין דער קאַלטער ערד פון וואַרשאַווער בית-עולם.

אַ נייַ הייפעל מענשען זיצט אַרום דעם גרויסען טיש. כמעט קיין איין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער. כמעט קיין איינער, וואָס האָט ווען נישט-איז געהאַט אַ שייכות צו דער זשורנאַליסטיק. מיר קוקען איינער אויפ'ן צווייטען: ווי וועלען מיר דאָס בייקומען די גרויסע אויפגאַבע? מיר זענען שוואַך און אָרים. אונזער גאַנצער „גרינדונגס-קאַפּיטאַל" בעטרעפט די קאָלאָסאַלע סומע פון 36—זעקס און דרייסיג—רובל.

אָבער מיר זענען אין דער יודישער אַרבייטער-סביבה, און קוים עס האָט זיך געלאָזט הערען אונזער ערשטער רוף, קוים עס האָט זיך בעוויזען אונזער ערשטער נומער,—און דער אָבקלאַנג איז שוין דאָ. בריף, בעגריסונגען, געלד, קאָרעספּאָנדענציעס און נאָך אַמאָל בעגריסונגען און ווידער אַמאָל בעגריסונגען—נישט קיין געקינצעלטע, נישט קיין אויסגעפּרעסטע; האַרציגע ווערטער פון אַרבייטער-נשמות. פון נאָהענט און פון ווייט, פון גרויסע שטעדט און פון די פערוואָרפענסטע ווינקלעך ערגעץ-וואו אין „עטאַפּען-געביט", וואוהין מען איז געטריבען געוואָרען אויף צוואַנגס-אַרבייט, — פון אומעטום קומען זיי אָן די דאָזיגע בלעטלעך פּאַפּיר; פון אומעטום ציהען זיי זיך, די דאָזיגע פעדים און פלעכטען-צונויף דעם לעזער און דעם שרייבער, די צייטונג און איהר אוידיטאָריע אין איין פעסטעם גאַנצעס. די צייטונג ווערט דער צענטר פון דער בעוועגונג; די בעוועגונג ווערט דער יסוד און דער פונדאַמענט פון דער צייטונג. אַרבייטער-מאַסע, פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציעס, פּראָפעסיאָנעלע פעראיינען, קולטור-חברות, און אין דערמיט דאָס—הייפעל מענשען

פֿון נאָוואָליפּיע 7: אַלץ קניפּט זיך צונויף — אין איין געמיינזאַם לעבען.

אָבער דאָס געמיינזאַמע לעבען איז גענוג שווער און טרויעריג. די דומפּע, שטיקענדע קעלער־לופֿט פֿון דער דייטשער אָקופּאַציע, דער ברוטאַלער שטיוועל פֿון בעזעלער און זיינע לייט. און דאָס, וואָס עס טהוט וועה קודם־כל אַ ציימונג: די צענזור.

דער לעזער וועט געפֿינען ווייטער אַ בינטעל בילדלעך פֿון די העלדען־טהאַטען פֿון דער צענזור, קאָמישע מעשיות. איהר וועט לאַכען. ס׳איז אָבער גרינג צו לאַכען איצט, בעת ס׳איז פֿאַרביי. דעמאָלט איז עס געווען פֿאַר אונז אַ שווערע דראַמע. דער לעצטער טאָג פֿאַר׳ן דרוקען דעם נומער, — דער טאָג ווען מיר פֿלעגען בעקומען פֿון דער צענזור די קאָרעקטור־אָבצוגען — און שוין פֿון דער ווייטענס פֿלעגען זיך וואַרפֿען אין די אויגען די רויטע שטריכען פֿון צענזור־בליישטיפֿט און דער פֿאַטאַלער שטעמפּעל „געשטריכען״ ס׳פֿלעגט זיין אַ טאָג פֿון אמת׳ע יסורים. די הענד פֿלעגען זיך אַראָבלאָזען. געה רעד מיט אַ פֿערשטאָפּטען מויל, געה שרייב מיט געבונדענע פֿינגער. און רעדען ווילט זיך, שרייבען מוז מען, — וואָס זאָג איך שרייבען — טאַקי שרייען, אַרויסשרייען אין די גאַנצע וועלט די פּיין אין דעם צאָרן... פֿערשטאָפּט איז אָבער דאָס מויל, געבונדען די הענד. מיט אַ האַלבען קול קאָן מען בלויז רעדען, שטאַמלען, שעפּטשען.

און מיר האָבען געשריבען די האַלבע ווערטער. דער לעזער האָט אָבער פערשטאַנען דעם גאַנצען זין. דער לעזער האָט געלייענט צווישען די שורות. אַ וואונק, אַ רמז, אַנ׳אָנצוהערעניש — און מען פֿערשטעהט איינער דעם צווייטען. מיר און דער לעזער האָבען געהאַט געמיינזאַמע סודות. און דאָס האָט אונז צונויפֿגעבונדען נאָך טיעפֿער, נאָך אינטימער.

---

נאָך איין געמיינזאַמע זאַך האָבען מיר געהאַט: אַ חלום. אַ חלום וועגען אַ טעגליכער ציימונג. אַפֿילו דער חלום איז אויך געווען אַנ׳אונלעגאַלער. מען האָט אונז נישט ערלויבט אפֿילו שרייבען וועגען אַזאַ פּראָיעקט. אָבער פֿון אַלע זייטען האָט מען אונז געפֿרעגט. פֿון אַלע זייטען האָט מען גע׳שמועסט און געדענקט. ווען וועלען שוין די „לעבענס־פֿראַגען״ ערשיינען אַלע טאָג?...

און פּלוצלינג, גאָר פּלוצלינג האָט זיך אַלץ געביטען, אַוועק די אָקופּאַנטען, אַנטלאָפֿען די צענזאָרען מיט זייערע רויטע בליישטיפֿטען און טעמפּע קעפּ, אַראָב דער צוים, דער וועג איז אָפֿען. —

נאָוועמבער 1918.

אַ רוף צו די מאַסען, אַנ׳אָנשטרענגונג, אַ ריזיקאַלישער שפּרונג — און מיר האָבען אַ טעגליך בלאַט. דער חלום איז געוואָרען אַ ווירקליכקייט.

כּדי ווי געהעריג אָפּצושאַצען די ווירקליכקייט, מוז מען זיך דערמאָהנען אָן דער אַמאָליגער בענקשאַפט...

---

אונזער צייטונג איז אַרוים פון איהרע קינדער-יאָהרען. אַ לעבעדיג וועזען, ווי זי איז, איז זי אויסגעוואַקסען און געוואָרען גרויס און רייף און שטאַרק.

און פונדעסטוועגען — אַזאַ טבע האָט שוין אַ פּראָלעטאַריש בלאַט — אפילו אין די רייפסטע יאָהרען קאָן זי נישט לעבען אָהן טאַטע-מאַמע.

וואָרום דער פאָטער פון די „לעבענס-פראַגען" איז דער „בונד" און די מוטער — די יודישע אַרבייטער-מאַסע. און אָהן זיי — איז נישטאָ קיין לעבען פאַר אונזער צייטונג. אין זיי זענען דאָס איהרע אַלע לעבענס-וואָרצלען, אין זיי ליגט איהר גאַנצער קיום.

מיר דאַכט זיך אָבער, אַז אויך פערקעהרט, אויך פאַר די עלטערען וואָלט דאָס לעבען געוואָרען גאַנץ שווער און גאַנץ ברויגעדיג אָהן דעם דאָזיגען קינד זייערען.

און אויב זיי האָבען דאָס פערשטאַנען אין די קינדער-יאָהרען פון אונזער צייטונג און האָבען געשאַפען אַרום איהר אַנ׳אַטמאָספערע פון וואַרימער ליעבשאַפט, טרייער איבערגעבענקייט און צאַרטער זאָרג, — מוזען זיי פערשטעהן, אַז אין דער הינזיכט בלייבט אַ צייטונג אַנ׳אייביג קינד.

---

דוד איינהאָרן

# טרוים און וואָרט.




אין גאָרטען שמעקט מיט פריהלינגס-בעז און אקאציען-בליטהען. די אַל-טע קאשטאַניען-בוימער, וואָס אַרום דער שאַרזעלקע שפריי-טען קיהלע, גרינע נאָכמי-טאָג-שאָטענס, און אויף דער בלאָהער רוהיגקייט פון וואַ-סער-שפיגעל דרעמלען שטיל צוויי שוואַנען, ווי צוויי ווײ-סע קליינע פערגליווערטע וואָלקענדלעך. ווייסע וואַ-סער-ליליען צוזאַמענגעמישט מיט גאָלדענע זון-רענדלעך טוליען-זיך צום ברעג, ווי גענדיג זיך לייגט אויף די ציטריגע פאַלבען. רוהע.

ערגעץ ווייט הערט זיך אַ געמיש פון מיליאָנען שטימען, ווי פון יענעם זייט האָריזאָנט, ווי ערגעץ פון אַ צווייטער פלאַנעט. און טיעף, טיעף אין מיר אין אַ אונרוהיגען טעמפּ זומט מיין אונרוהי-געס בלוט, זיין בעהאַלטען ליעד.

אַלץ פערגעסען: די לייד, די פיין, דעם פערדרוס, די בע-ליידיגונג, די ערנידערונג.

קיהלע, דופטיגע אָרימס נעדהמען מיר אַרום, פערליבטע לי-פען דריקען-זיך צו מיין שטערען, ווייטע טרוימען שווימען אַרויס, פערבאָרגענע האָפנונגען, יוגענד-פערלאַנגען, זיסע זכרונות.

די הענט לאָזען זיך אראָב, דער קערפּער נייגט זיך צום ווייכען גראָז, פֿערשכּורענדע ריחות וועבען - אַרום דעם מוח. און ס'קומט דער טרוים. — — — — — — —

— — — — — — — —

קלינגען דאָס נישט ערגעץ־וואו זילבערנע גלעקלעך, יונגע שטימען זינגען דופּטינגע פּעלד־לידער, שעפּסעלעך שפּרינגען אויפ'ן גרינעם טעפּיך פֿון די לאָנקעס, גליקליכע מוטערס זיצען ביי קלאָהרע קוואַלען מיט געזונדע קינדער, דריקענדיג זיי צו די פֿולע זאַפּטיגע ברוסט און שמייכלען צו די אַרבייטענדע מענער. יונגע מעדלעך קלייבען שמעקעדיגע פֿעררויטעלטע עפּעל אין שטרויענע קערב, און ערגעץ־וואו שפּילען האַרפֿעס. ווייסע, איינזאַמע פֿאַמיליען־הייזלעך. אַ לייכטער ווינד וויגט שניי־ווייסע פֿאָרהאַנגלעך; אין די בלומען־גערטלעך פֿאַר די פֿענסטער שמעקט שטאַרק מיט רעזעדאַ. די זון נויגט־זיך צו מערב. אַ גלאָק קלינגט, און אין דעם געמיינדע־הויז הערט זיך אַ קלאַפּען פֿון טעלער און גלעזער. פֿון קוימען הויבט זיך אַ פֿרעהליכער, פֿרידליכער בלאָהער רויך. מען גרייט דעם געמיינזאַמען אָוונד־עסען.

ערגעץ זינגט מען שוין דעם אָוונד־הימן פֿון אַרבייט און רוה.

אַ שטילע, רוהיגע, האַרמאָנישע וועלט. — — — —

— — — — — — — —

דער קערפּער דריקט זיך צום גראָז, לאָזט זיך צערטלען פֿון די גרינע שאָטענס. דאָס אונרוהיגע קאַמפּס־ליעד פֿון בלוט ווערט ווי ענטשוויגען.

פֿון ווייטען דערגרייכען נאָך אָבגעריסענע קנוילען פֿון ווילדע שטימען; קומען, שלאָגען זיך־אָב אָן דער גרינער וואַנד פֿון די אַלטע צובלוהטע קאַשטאַניען און קעהרען זיך אום. עס איז אַ געמיש פֿון געבעט און רציחה, פֿון זיעגער־יובעל און בעזיגטען־געוויין, פֿון יאָמערענדע פֿרויען, וויינענדע קינדער, היה'שען, פֿערשכּור'טען ברומען, הונגער־קרעכצען און גוסס'ער כליפּען.

עס איז דאָס לעבען, די ווירקליכקייט.

אַ שטילער ווינד בלאָזט אָבער ווי פֿון רוהיגען וואַסער אַרוים. שטיל רוישען די קאַשטאַניען. די ווייטע שטימען ווערען קלענער, און דער קאָפּ פֿאַלט־צו צו די ווייסע מאַרגאַריטקעס.

די מידיגקייט האָט געזיגט. די שוואַכקייט האָט דעם טרוים גערופֿען. דער טרוים האָט די אויגען פֿערוועבט, און די שטילקייט האָט־די אויערען פֿערשטעלט.

אָט אַזוי טרוימען, טרוימען אָן אַ זייט פֿון צייט־שטראָם, אָן

אַ זייט פֿון זיין טומעל, און וואַרטען —

פּלוצלינג האָבען די קאַשטאַניען־בוימער אָנגעהויבען דראָהענד צו רוישען. אָבגעריסענע קלאַנגען האָבען זיך גענומען ציהען דורך די צווייגען. נאָכדעם האָט אַ שטילער געמורמעל דורכגענומען די בלעטער, גלייך ווי צוויי מחנות גייסטסער וואָלטען זיך צווישען די צווייגען געסודעט. אַ שטאַרקע שטימען־כוואַליע איז אַנגעלאָפֿען און די בוימער זיך אָנגעשטויסען, אויפֿטרייסלענדיג די לופֿט. די ווייסע בלימהען האָבען אָנגעהויבען האסטיג צו שיטען זיך אויף׳ן שטילען וואַסער־שפּיגעל, די שוואַנען האָבען אונרוהיג אויסגעצויגען די העלזער. איך בין אויפֿגעשפּרונגען.

מוזענדער טריט האָבען אַרומגעהילכט. דער וויטער יאָמער־רענדער שטימען־ווירבעל פֿון שטאָדט האָט זיך לאַנגזאַם דער־נעהנטערט און אויסגעוואַקסען אין אַ שטורם. עס האָט געוואַקסען און צושפּרייט זיך איבער פֿעלדער און וועלדער אין גערטנער און סעדער. מיין בלוט האָט ווידער אין מיר גענומען רוישען און זינגען זיין האַסטיגעס ליעד פֿון דער צייט.

ווער האָט דאָס מיר די ווירקליכקייט אין דעם טרוימערישען ווינקעל געבראַכט?

ווער האָט מיך אויפֿגעוועקט?

אַ זאָנדערבאַרער רויש.

איך דרעה־אום מיין קאָפּ. פֿון ערגעץ האָט אַ ווינט אַנ׳אָבגע־ריסען בלאַט געבראַכט. אַ פּערקאַנטיג אָבגעדרוקט בלאַט פֿון דעם רוישיגען בוים פֿון דער צייט. שטיל האָט עס זיך אין טרוימערישע שטרויכען פֿערפּלאָנטערט און מיט זיך דעם גאַנצען רויש פֿון דער צייט, די גאַנצע ווירקליכקייט געבראַכט. עס איז געווען אַ שטורם־בלאַט פֿון פֿרייען וואָרט—

אַ שטים פֿון לעבען.

און מיר האָט געדוכט, ווי אַ שטים וואָלט פֿון בלאַט גע־סוד׳עט צו מיר:

— טרוימער, שטעה אויף!

די רוהה דאָס איז אַ וויזיע פֿון דיין מידיגקייט, דו נאַרסט זיך אָב.

נישטאָ קיין ווינקעל, וואו מען קאָן זיך פֿון דער צייט בע־האַלטען.

די אַלטע קאַשטאַניען־בוימער רוישען איהרע ליעדער; די ווייסע שוואַנען הערען עס אין דער שטילקייט; די וואַסער־ליליען ציטערען פֿון איהר אָטעם.

און דו, טרוימער, וואָס דו האָסט געוואָלט פֿון איהר טומעל

ענטרינען, פון איהר דרוק זיך בעפרייען,—

האסטו נאר וואס אין דער שטילקייט די טרוימען פון צייט־גייסט געטרוימט.

און דיין בלוט, דאס רויטע זאפט פון דיין לעבען, זינגט די שטורמישע לידער פון דער צייט.

שטעה־אויף, פערלאז די שטילע וואסערן און וואַרף זיך אין איהר רוישיגען שטראם.

ער שטראמט איבער פעלזען און גריבער צו די גליקליכע ברעגען פון דיינע חלומות.

וו. שולמאַן.

# דער ברודער־קבר.

(ערינערונגען פֿון אַ רעדאַקציאָנס־סעקרעטאַר).




ניִשט אויף די הויל־קייטען פֿון פֿלאַנדריען, ניִשט ביי די ברעגעס פֿון סאָם, אויך ניִשט אין די קאַרפּאַטען, ביי דעם סאַן אָדער דוויִנא—געפֿינט זיך אונזער ברודער־קבר.

אין וואַרשאַ, אויף נאָוואָליפּיע 7, אין אונזער בעשיידענעם רעדאַקציאָנס־לאָקאַל, אין אַ בעזונדער שופֿלאָד פֿון סעקרעטאַר׳ס טיִש — דאָרטען ליִעגען זיי בעגראָבען.

דאָס זענען דיניִנקע, לאַנגע בויגען דרוק־פּאַפּיר, בעדעקט מיִט שוואַרצע דרוק־אותיות׳ דערשטיִקטע, דערוואָרגענע געדאַנקען פֿון לעבעדיִגע מענשען.

און ניִשט קיין שראַפּנעל, קיין 42־גער באָמבע האָט זייערע גופֿים צעשמעטערט. איין איינציִג וואָרט פֿון עטליִכע אותיות, איין דיִנינקער שטריִך פֿון אַ רויטען בליי־שטיִפֿט האָט זייער לעבענס־נערוו איבערגעהאַקט.

וואָך־איין וואָך־אויס פֿלעגען מיר נייע מתים אין ברודער־קבר בעגראָבען. יעדען מיִטוואָך, 7 איִן אָוועגד, פֿלעגט אָנקומען די גרויזאַמע, מיִט האַרץ־קלאַפּעניִש ערוואַרטעטע שיִקזאַל־שעה.

מיט אָנגעשפּאַנטע נערוועז פֿלעגען מיר אַרויסקוקען דאָס אָנקומען פֿון רעדאַקציאָנס-יונגעל. פֿון דערווייטען, לויט זיין הילוך און מינע, אויף זיין פּנים, פֿלעגען מיר שוין דורכלעזען דעם אָב-געחתמ'טען גזר-דין: אַ שחיטה!

און אָט ליגען זיי אויפֿ'ן רעדאַקציאָנס-טיש די קרבנות פֿון היינטיגען פּאָגראָם: איינע אין גאַנצען שוין טויט, מיט אַ דינעם רויטען שניט איבער'ן גאַנצען גוף. אַנדערע—נישט צום דערקענען: צעקאַליעטשעטע, צושניטענע, גרויסע, בלוט-פֿליסענדע וואונדען בעדעקען זייער גאַנצען קערפּער, זיי זשיפּען נאָך, גיבען נאָך סימנים פֿון לעבען, אָבער אַז אַך און וועה צו אַזאַ לעבען: די גאַנצע נשמה איז שוין אויסגעהויכט.

מיר פֿלעגען זיצען ביים טיש מיט אַראָבגעלאָזטע קעפּ און אין מח פֿלעגט עגבערן די פֿראַגע: ווי אַזוי וועלען מיר דעם נומער אַרויסלאָזען? געוועהנליך פֿלעגט מען זיך אָנכאַפּען אָן לעצטען איינציגען אויסוועג — געהן אין צענזור אַריין זיך דינגען, טענה'ן, אפשר וועט זיך איינגעבען וועמען מחיה-מתים צו זיין, אָדער די פֿערוואונדעטע, פֿערקריפּעלטע, פֿון זייערע וואונדען אויס-צוהיילען.

אַזאַ מיסיע איז פֿאַר מיר געווען דאָס פּיינליכסטע אין מיין לעבען.

די פּוילישע צענזאָרען זענען כאָטש געווען לעבעדיגע מענשען, רויסגענומען פֿון אַ לעבעדיגער מענשליכער סביבה. אונזערע יודישע צענזאָרען זענען געווען גייסטליכע, טעאָלאָגען, צוקינפֿטיגע ליוטע-ראַנישע אָדער קאַטוילישע גלחים,—אַלץ—מענשען, וועלכע האָבע גאַנץ וועניג אָדער גאָרנישט געהאַט צו טהון מיט'ן פּאָליטישע לעבען, האָבען זיך געגריבעלט איז די אַלטע טעאָלאָגישע טראַק-טאַטען, שטודירט די הייליגע תּורות פֿון פֿערשידענע אמונות.

און מיט אַ מאָל זענען דאָס די דאָזיגע בטלנים אַראָבגע-בראַכט געוואָרען קיין וואַרשא, אין רעכטען מיטען פּאָליטישען צענטר פֿון אָקופּירטען פּוילען, און געמאַכט געוואָרען פֿאַר די וועכטער פֿון אונזערע געדאַנקען און ווערטער.

די דאָזיגע קליינע, טעמפּע און בעגרענעצטע מענשעלאַך האָבען אין יעדען אַרטיקעל, אין יעדער נאָטיץ, קאָרעספּאָנדענץ, אפֿילו אין יעדער גראַטולאַציע אָדער נעקראָלאָג געזוכט עפּיס געפֿעהרליכעס פֿאַר די אינטערעסען פֿון אָקופּאַנט; פֿון יעדער שורה, פֿון יעדען וואָרט, פֿון יעדען פּינטעלע האָט אויף זיי געלוי-ערט די שרעקליכע סכנה — ס'זאָל דורכגעשמוגעלט ווערען עפּיס אַ געדאַנק, אַ כּונה, וואָס מאַכט צו נישט אַלע „הויכע" פּלענער פֿון

די דייטשע יונקער אין אָקופּירטען לאַנד.

און מיט אַזעלכע פּאָליטישע אַנאַלפאַבעטען פלעגט דאָס אויס־קומען כמעט יעדע וואָך צו פיהרען גאַנצע דיסקוסיעס, כדי אַרויס־צוראַטעווען וואָס נישט איז פון דעם אַלעם, אויף וואָס ס'איז שוין אַוועקגעלעגט געוואָרען דער טויט־שטעמפּעל! געשטריכען!

די שרעק האָט גרויסע אויגען — און אונזערע גדאַנקען־היטער פלעגען טאַקע גאַנץ אָפט מיאוס און לעכערליך אַריינפאַלען אין זייער פלייסיגען זוכען נאָך עפּים פערדעכטיגטס.

אין אַנ'אַרטיקעל רעדט זיך וועגען דער רויב־פּאָליטיק פון די אימפּעריאַליסטען אין די אַפריקאַנישע און אַזיאַטישע קאָלאָניעס: „מען האַקט־אויס ;די וועלדער, פיהרט ארויס אַלע נאַ־טור־אוצרות, זויגט־אויס דאָס לעצטע ביסעל זאַפט פון דער אָרטי־גער בעפעלקערונג א. אַ. וו.״ דאָס אַלץ ווערט געשטריכען.

דער צענזאָר קוקט מיר אָן מיט כעס: וואָס, איהר ווילט מיר זאָלען אייך נאָך אַזעלכע עָרטער דורכלאָזען, דאָס איז דאָך קלאָר, אַז איהר מיינט דאָס אונז, די אָקופּאַציאָנס־מאַכט און אַלץ, וואָס מיר טהוען דאָ אין אָקופּירטען פּוילען?

איך טראַכט מיך: „אויף אַגנב ברענט דאָס היטעל״.

ס'ווערען געשטריכען אויסצוגען פון די רעדעס פון די אַראַ־בישע דעפּוטאַטען אין טערקישען פּאַרלאַמענט געגען די ציוניסטען און זייערע פּלענער אין פּאַלעסטינאַ. וואָס איז? טערקיי איז דייטש־לאַנדס אַ פערבינדעטע; פון די רעדעס, וואָס זענען געהאַלטען געוואָרען אין טערקישען פּאַרלאַמענט—לערנט דער צענזאָר פּשט— וועט מען קאָנען מיינען, אַז אויך דייטשלאַנד איז מסכים מיט די אַראַבער און איז געגען אַ יודישען ישוב אין פּאַלעסטינאַ, וואָס איז נאָך דערצו „פון אָפיציעלע דייטשע קוועלען״ (בוכשטעבליך זיין לשון) נישט ערקלערט געוואָרען... נאָך לאַנגע דינגעניש האָט ער מסכים געווען, אַז אויב די רעדעס זענען געהאַלטען געוואָרען נאָך איידער טערקיי איז צו געשטאַנען צו דייטשלאַנד — דאַן וועט מען קאָנען זיי אָבדרוקען.

אין אַ צווייטען אַרטיקעל ווערען געשטריכען אַרויסגעזאָגטע ספקות — צו וועט רומעניען ערפילען דעם פּונקט וועגען יודישער גלייכבערעכטיגונג, וואָס איז אַריינגעשטעלט געוואָרען אין שלום־אָבמאַך צווישען איהר און דייטשלאַנד. „ווי נור דער שלום־טראַקטאַט איז געשלאָסען — מוסר'ט מיר גאַנץ שטרענג דער דיפּלאָמאַט פון מיאָדאָווא 22 — איז רומעניען שוין דייטשלאַנד'ס א פערבינדעטע און מ'טאָר זי נישט קריטיקירען״.

מילא די פערבינדעטע איז ווי ס'איז. אויך דעם כבוד פון

די נייטראַלע לענדער האָבען די צענזאָרען שטרענג אָבגעהיט מ'זאָל איהם חלילה נישט פערשוועכען.

ס'ווערט אויסגעמעקט אַ מעשה וועגען דער דענישער רעגי־רונג, וועלכע האָט אין יאָהר 1907, אונטערן דרוק פון סטאָליפּינען, נישט ערלויבט די רוסלענדער סאָציאַל־דעמאָקראַטען אָבהאַלטען זייער צוזאַמענפאָהר אין קאָפּענהאַגען און זיי האָבען געמוזט זיך אַריבערפּעקלען קיין לאָנדאָן. געהענדיג אין צענזור אַריין מכח דעם ענין, האָב איך, דעם אמת זאָגענדיג, מיט גרויס נייגעריגקייט ער־וואַרט, וואָס פאַר אַ מין שפּיצעל וועט עפּיס דער צענזאָר דאָ אויפ־דעקען, — אַזוי וויט אונבעגרייפליך איז געווען פאַר אונז, וועלכע זענען שוין געווען צוגעוועהנט צו די צענזור־קאַפּריזען, די סיבה פונ'ם אויסמעקען.

דער מח פון אונזער צענזאָר האָט אָבער געהאַט, קענטיג, אַ ספּעציעלען געבוי. ער האָט מיר גאַנץ קאַלטבלוטיג געענטפערט: דאָס בעליידיגט דעם כבוד פון דענעמאַרק, אַ נייטראַלע מלוכה, וואָס געפינט זיך נישט מיט דייטשלאַנד אין פיינדליכע בעציהונגען!.. מיין פּנים האָט זיך משמעות פערוואַנדעלט אין אַ גרויסען פראַגע־צייכען, ווייל ער האָט מיר גענומען ווייטער מיט אַ עלט ישיבה־בחורישען קוועטש קלאָר מאַכען: היות, אַז מיר וועלען אָבדרוקען, אַז סטאָליפּין און דער רוסישער צאַריזם האָבען געקאָנט אויספועל'ן אַזאַ מעשה ביי דענעמאַרק, וואָלט דאָס הייסען, אַז די לעצטע האָט זיך געפונען אונטער דער ווירקונג און דרוק פון רוסישען צאַ־ריזם, און דאָס קאָן זי בעליידיגען, און אַזוי ווי זי איז איצט אַ נייטראַלע מלוכה א. אַ. וו. א. אַ. וו.

עס האָבען נישט געהאָלפען מיינע טענות, דער אַרטיקעל איז געבליבען געשטריכען.

ס'זענען געווען פיעל פאַלען, ווען דער צענזאָר האָט נישט בלויז געמעקט; ער האָט נאָך פון זיך צוגעשריבען. צו דער ידיעה, אויפ'ן סמך פון אַ אָפיציעלער וואָלף־דעפּעשע, וועגען ליב־קנעכטס משפט, האָט דער צענזאָר צוגעגעבען: „וועלכער האָט פער־ראַטען זיין פאָלק און פאָטערלאַנד". מיר, הייסט עס, די רעדאַקציע פון „לעבענס־פראַגען", דאַרפען דאָס אַזוי קוואַליפיצירען ליבקנעכטס „שולד". אויף מיינע טענות, אַז מיר האָבען נור געגעבען די אָפיציע־לע ידיעה, אָהן שום פירושים פון אונזער זייט ווייל מיך דער צענ־זאָר איבערצייגען, אַז אויך די דייטשע מעהרהייטס־סאָציאַליסטען קוואַליפיצירען אַזוי ליבקנעכטס־טהאַט. איך פּרוב רעדען אויפ'ן דיפּלאָמאַטישען לשון: „מיר, די לעבענס - פראַגען", ווילען זיך נישט אַריינמישען אין די אינערליכע אָנגעלעגענהייטען אין שטרייטען פון

דער דייטשער סאַצ. דעמ. און ווילען נישט מיט אונזער קוואַליפּי־
קאַציע זיך שטעלען אויף איין צד געגען צווייטען. ס'האָט נישט
געהאָלפען: אָהן דעם צוגאָב קאָן די נאָטיץ אין גאַנצען נישט
געהן. זי איז טאַקע אַראָב אין קבר.

אין מאַרקס בראָשור דער 18 טער ברומער האָט דער צענ־
זאָר געמאַכט אַזעלכע „בעמערקונגען", וועלכע פערקריפּלען לחלוטין
דעם אינהאַלט. אויף די אָנווייזונגען, אַז מיר קאָנען מאַרקס אַ היס־
טאָריש ווערק אין אַזאַ פאָרם נישט אַרויסגעבען, האָט דער הויפּט־
פערוואַלטער פון דער יודישער צענזור געענטפערט קורץ און
שאַרף: „די אַנזיכטען פון קאַרל מאַרקס זענען נישט די אַנזיכטען
פון דער דייטשער רעגירונג"...

די בראָשור איז טאַקע בעגראָבען געוואָרען.

פון דער רייהע שטעדט, וואו דער אַרבייטער אַרבייט שווער
און הונגערט, ווי למשל, פּעטערבורג, מאָסקוואַ, קיעוו א. א. וו.
ווערט קיעוו אויסגעשטריכען, ווייל... אָקאָרשט זענען אהין די
דייטשען אריין.

וועגען דעם ה' יוליוס בערגער, מיטגליד פון ציוניסטישען
אַקציאָנס־קאָמיטעט און אַגענט פון דער דייטשער „אַרבייטס־צענ־
טראַלע" האָט מען קיין פּיפּס נישט געטאָרט טהון; „ער איז אַ
דייטשער אָנגעשטעלטער" — האָט מען אונז גאַנץ אָפען גע־
ענטפערט.

מען האָט אויך נישט געטאָרט, אַפילו מיט די ווייטסטע
רמזים, פאַרביינגעהענדיג, אַ וואָרף־טהון אַ וואָרט וועגען לאַזאַר קאַ־
האַן, זיין „וואַרשאָווער טאַגעבלאַט" און זייער שייכות צו דער
דייטשער אָקופּאַציאָנס־מאַכט. מ'האָט גוט געהיט אייגענע מענשען.

איין צענזאָר, אַ קאַטאָליק, פלעגט נישט לאָזען דערמאָהנען
צו שלעכטס די יעזואיטען, אַ צווייטער, אַ פּראָטעסטאַנט, פלעגט יאָ
אַזעלכע זאַכען דורכלאָזען. איינער ווי דער צווייטער פלעגען די
רבנים נישט לאָזען פּוגע בכבוד זיין.

פון אַלע איבריגע צענזאָרען האָט זיך אויסגעצייכענט מיט
יין טעמפּקייט און בעגרענצקייט אַ געוויסער אַרנאָלד, וועלכער איז
אַ לאַנגע צייט געווען דער איינציגער צענזאָר איבער די „לע־
בענס - פראַגען". ער פלעגט אַ מאָל צושרייבען פשוט אידיאָטי־
שע זאַכען.

שטאַרבען האָבען געמעגט אַלע נור מיט אַנאַטירליכען טויט,
ביי זיך אין שטוב, צווישען דער פאַמיליע און קרובים. האָט זיך
עמיצען פערגלוסט זיך אָבזעגנען מיט דער וועלט „אויף דער
באַהן־ליניע", „ביי דער אַרבייט", „אויפ'ן שאָסיי," אָדער סתם „אויס־

געהן פֿון הונגער״ פֿלעגט ה׳ אַרנאָלד אין דעם איינזעהן אַ בונט געגען די נאַטור־כחות, אַ פּראָטעסט געגען דער אָקופּאַציאָנס־ממשלה, וואָס אונטער איהר קאָנען אַזעלכע אוננאַטירליכע זאַכען טרעפֿען, און ער פֿלעגט אַזעלכע רעוואָלוציאָנערע מתים אָבטראַנ־ספּאָרטירען דירעקט אין אונזער ברודער־קבר אַריין.

און האָט עמיצער פֿון אונזערע ליעבע פּראָווינצער געוואָלט, ווי דער שטייגער איז, אויסגיסען זיין פּאָעטיש הארץ און זיך זעג־נען מיט׳ן פֿערשטאָרבענעם פֿריינד בזה הלשון: „שלאָף רוהיג, ליע־בער חבר, דו ביסט אַוועק אין אַ וייטען וועג״... פֿלעגט דער גו־טער ה׳ אַרנאָלד רחמנות קריגען אויף די אָרעמע נשמה, וואָס בלאָנדזשעט נעבעך אַרום אין עולם התהו, אָהן אַ ציעל און אָהן אַ צוועק,—און פֿלעגט צושרייבען: „א י ן ק אַ ל ט ע ן ס י ב י ר״. און איז עמיצער פֿון אונזערע ליעבע פּראָווינצער געווען מעהר אַקטיוו גע־שטימט און פֿלעגט נאָך דערביי אַ שבועה געבען: „ליעבער חבר! מיר וועלען פֿאָרטזעצען דעם קאַמף, וואָס דו האָסט ביי דיין לעבען געפֿיהרט״... פֿלעגט דער דיאַלעקטישער מוח פֿון ה׳ אַרנאָלד אויך דאָ אַריינטראָגען ציעל־בעוואוסטזיין און צוועקמעסיגקייט און ער פֿלעגט צושרייבען: „מ י ט׳ן ר ו ס י ש ע ן צ אַ ר י ז ם״ (שוין נאָך דער רוסישער רעוואָלוציע!).

ה׳ אַרנאָלד איז געווען אַ הייסע, חסיד פֿון „בורגפֿרידען״ און גלייך ווי נור ער איז אַרויפֿגעטרעטען אויף זיין צענזור־טראָן, זענען פֿון די שפּאַלטען פֿון „לעבענס־פֿראַגען״ פֿערשוואונדען געוואָ־רען די שטרייקען. זייער אָרט האָבען פֿערנומען די „אַקציעס״. אַ קורצע צייט האָט מען זיי געפֿיהרט; ה׳ אַרנאָלו האָט אָבער גאַנץ גיך ענטדעקט דעם געפֿעהרליכען פּסעוודאָנים און—די „אַקציעס״ זענען אָבגעשטעלט געוואָרען. אָנשטאָט זיי הז זען די אַרבייטער גענומען „אַרויסשטעלען פֿאָדערונגען״, אָבער אויך די „אַרויסגע־שטעלטע פֿאָדערונגען״ האָבען נישט געהאַט לאַנגע יאָהרען, — ה׳ אַרנאָלד איז אויף דער וואַך געשטאַנען—און די אַרבייטער האָבען געמוזט אויפֿהערען צו „פֿאָדערן״. נישט גרינג איז אָבער אָנגעקומען אַזאַ אונרוהיגען עולם ווי די אַרבייטער זענען, איינצושטילען. מילא, טאָר מען נישט אַרויסשטעלען קיין פֿאָדערונגען—האָבען זיי גענו־מען „פֿיהרען אונטערהאַנדלונגען״ מיט די ב״ב. די „אונטערהאַנדלו־נגען״ האָבען שוין געדויערט אַ לענגערע צייט. אַרנאָלד׳ן איז אָבער אויסגעקומען קשה דער ענין: עפּעס צופֿיעל ווערט „אונטערהאַנ־דעלט״ אין אַלע פֿאַכען און אין אַלע שטעדטליך, אין דער אַט־מאָספֿערע האָט ער דערשמעקט פּולווער — די „אונטערהאַנדלונגען״ זענען אויך איבערגעריסען געוואָרען. די אַרבייטער האָבען אָבער

ניִשט געשוויִגען און גענומען „אויסבעסערען די בעדיִנגונגען".

אַרנאָלד האָט דרויף אויך ניִשט מסכים געווען: „אויסבע־סערן" בעדייט, אַז פריִהער איז געווען ערגער, אַז מ'האָט זיי אויס־געבעסערט מסתמא אַ דאַנק אַ געוויִסען קאַמף, וואָס די אַרבייטער האָבען געפיהרט און דאָס איִז לא יזכר ולא יפקר; מ'האָט אויפ־געהערט „אויסצובעסערן" און מ'האָט געקאָנט בלויז דערצעהלען אַ מעשה גלאַט איִן דער וועלט אריין, — אַז ס'זענען פאַרהאַן אויף דער וועלט, למשל, שניידער, וואָס אַרבייטען כך וכך שעה איִן טאָג און פערדיִנען כך וכך מאַרק אַ וואָך.

און ווער ווייס, וואָס פּאַר אַ נייע אָפּענסיִווע־פּלענער האָבען זיִך געוועבט איִן אַרנאָלד'ס צושראָקענער פאַנטאַזיע, ווען ניִשט די דייטשע רעוואָלוציע, וואָס האָט איִהר שפּיִל אָבגעשטעלט און אַר־נאָלד'ן צוריִק מסתמא אַוועקגערוקט איִן זיין אייגענטליִכען וויִנקעל— צום יעוואַנגעליום און די טעאָלאָגיע־ספרים.

